הערש סמאָליאר

# יידן אָן געלע לאַטעס

## סקיצן

2־טע אויסגעבעסערטע און פאַרגרעסערטע אויפלאַגע



פארלאג „יידיש בוך" · ווארשע 1952

G. SMOLAR

# ŻYDZI BEZ ŻÓŁTYCH ŁAT

(SZKICE)

DRUGIE WYDANIE

Redaktor D. SFARD

Okładkę projektował: B. PACANOWSKI

Wydawnictwo „IDISZ BUCH" Warszawa 1952.

Zam. 450. Nakład 5.000 egz. Druk ukończono w lutym 1952 r. Arkuszy druk. 9,25, arkuszy wydawn. 8,75. Papier dziełowy 61×86, kl. V.

Druk. „Nowe Życie", W-wa, Ul. Tarczyńska 8 3-B-50158

## פאָרוואָרט

די ערשטע אויפלאַגע פון הערש סמאָליאַרס בוך „יידן אָן געלע לאַטעס" איז פולשטענדיק אויספאַרקויפט געוואָרן. דער פאַרלאַג „יידיש־בוך" באַקומט ווייטער הונדערטער בריוו פון לאַנד און פון אויסלאַנד מיטן פאַרלאַנג צו באַקומען דאָס דאָזיקע בוך.

איז דאָס אַ גוטער סימן. דאָס באַטייט, אַז יידישע מענטשן ווילן נישט פאַרגעסן דאָס געשעענע, און גראָד אין אָנבליק פון די גרויסע געפאַרן, וועלכע לויערן היינט אויף אונדז — די געפאַרן פון אַ נייער וועלט־מלחמה, ווילן זיי דערקענען יענע פשוטע, אָבער גרענעצלאָז העלדישע „יידן אָן געלע לאַטעס", וועגן וועלכע עס דערציילט דער מחבר פון דעם דאָזיקן בוך. די יידישע פאָלקס־מאַסן אין דער גאַרער וועלט זיינען אַנטשלאָסן נישט צו דערלאָזן, אַז די ברוינע בעסטיע, אָן אויסגעהאָדעוועטע דורך די אַנגלאָ־זאַקסישע געווער־פאַבריקאַנטן, זאָל ווידער באַדראָען דאָס לעבן פון מיליאָנען, קודם־כל דאָס לעבן פון די יידן. דער ביישפיל פון די פאַרטיזאַנער־קעמפער, פון די געטאָ־אויפשטענדלער, שטאַרקט דעם מוט און דעם ווילן פון די יידישע פאָלקס־מענטשן זיך קעגנצושטעלן מיט אַלע כוחות די טרעגער פון נייע, נאָך שרעקלעכערע אומגליקן. און פונקט ווי די „יידן אָן געלע לאַטעס" האָבן אין געמיינזאַמע קאַמפּס־רייען מיט אַלע מענטשן, וואָס האָבן די פאַשיסטישע מלחמה־אויסראָטער, געקעמפט פאַרן לעבן, אַזוי שטעלן זיך היינט די פשוטע, ערלעכע יידישע מענטשן אין איין ריי מיט אַלע, וואָס קעמפן פאַר שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

פאַר די דאָזיקע יידן גיט אַרויס דער פאַרלאַג „יידיש בוך" די צווייטע אויפלאַגע פון הערש סמאָליאַרס „יידן אָן געלע לאַטעס".

די דאָזיקע אויפלאַגע איז אַן אויסגעבעסערטע און איז דורכן מחבר דערפילט געוואָרן מיט אַ ריי פאַרצייכענונגען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף דער הייסער מינוט, מיט דער ביקס אין דער האַנט.

פאַרלאַג „יידיש בוך"
ביים קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד
פון די יידן אין פוילן

וואַרשע, 1952 יאָר.

דעם אָנדענק פון מיין ברודער און חבר נ ת ן,
וועלכער איז מיט אַ העלדן־טויט געפאַלן אין
וואַרשעווער געטאָ.

דער מחבר

# א גוט מאָרגן!

ווי לאַנג מען זיצט שוין אַזוי, איינגעקאָרטשעט, צונויפגעפּרעסט, — דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. אין דער באַהעלטעניש, וואָס אונטער דעם ברוקירטן בית־עולם־געסל, האָט זיך טויבלעך אָפּגעשלאָגן די כסדר־דיקע שיסעריי, דאָס האַסטיקע לויפעניש פון שווערע באַטשוועקטע שטיוול. קיין שטראַל ליכט איז אָבער אַהער נישט דערגאַנגען. ביי טאָג איז אַזוי שטאָק פינצטער געווען, ווי ביי נאַכט. אין די ערשטע שעהן — ווער ווייסט, אפשר מעת־לעתן? — האָט מען נאָך מיט אָנגעשטרענגט־צוגע־זשמורעטע אויגן געפּרוּווט עיבערן די חשבונות, זוכן אַ סימן פון שיין.

שפּעטער האָבן די אויגן־לעפּלעך פון זיך אַליין געגומען זיך שווער אַראָפּלאָזן. גראָד דאַן האָט זיך געדוכט, אַז ס׳הייבט אָן ליכטיק ווערן. וואָס פעסטער די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך צונויפגעדריקט, אַלץ העלער איז געוואָרן, אַזוי העל, אַז צייטנווייז פלעגט אַ גאָלדזוניקער שטראַל אַ בלענד טאָן און איבערלאָזן אין די אויגן אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט...

אָבער דאָס אַלץ איז געווען שפּעטער, אַ סך שפּעטער (ווער ווייסט, וויפל שעהן, אָדער מעת־לעתן זיינען פאַרביי). פריער האָבן אַלע, נישט צונויפגערעדטערהייט, געפּרוּווט פאַרהאַלטן דעם אָטעם, דערשטיקן אים אין זיך. האָט ווער אַ הויכן סאָפּ געטאָן, האָט באַלד אַ צישען, ווי פון אַ שלאַנג, זיך דערהערט פון עטלעכע זייטן, און יענער האָט ממש דער־פילט אַ ווילדע רציחה, וואָס איז גרייט צו ממיתן. די אויערן זיינען ביי אַלעמען אָנגעשפּיצט געווען, נישט דורכצולאָזן דעם מינדעסטן שאָרך פון אויבן. און גראָד דאַן האָט אַ קינד זיך צעוויינט...

אַ גרוב מיט מענטשן האָט זיך אַ וויג געטאָן. אין דער שטיקעניש איז פּלוצעם געוואָרן. הענט האָבן גענומען זיך דורכרייסן צום ווינקל, פונוואַנען ס׳האָט זיך דערטראָגן דאָס קינדערישע געוויין.

— דערשטיקט עס!...

אין אפגעהאקטער, טויבער ספאזם פון א פּהרי האט אפּגעשלאגן דעם צעוויינטן מענטשן־קנויל. און ווידער איז ענג געוואָרן אין גרוב, נאָך ענ־גער, ווי געווען. די נייעט־אויסגעלאָדענע רשעות איז זיך פאַרגאַנגען אין א כּריפּענדיקן דעכען, ביי אייניקע אפילו — אין א כאַרכלדיקן קוויטש. טראָפּנס קאַלטער שווייס האבן זיך געקייקלט פון שטערן צו די אויגן, צו דער נאָז און זייען דאָרט ווי פּאַרגליווערט געוואָרן...

אין אויטאָמאַטן־סעריע האט זיך איבערן גרוב דורכגעטראָגן. באלד נאָך איר — א צווייטע, א דריטע, א פערטע...

אז ס'איז ווידער שטיל געוואָרן, איז אין גרוב קיין זכר פון דער אָנגעשטרענגטקייט נישט געבליבן. מענטשן האבן געפּרוווט נעמען אויס־גלייכן די פּלייצעס, אויסציען א האַנט, אָפּנעצן מיט דער צונג די פאַר־שרפּעטע ליפּן.

— ווי שפּעט קאָן עס זיין אצינד?...

קיינער האט נישט געענטפערט. קיינעם האט אָבער אויך די פראַגע נישט געערגערט. פאַרקערט, א סך זיינען טאַקע נייגעריק צו וויסן, צי ס'איז נאַכט אויף דער וועלט, צי טאָג. פון די פּאָר מענטשלעכע ווערטער, וואָס האבן צום ערשטן מאָל זיך דערהערט אין דער טויבער גרוב, האט א ווייע געטאָן מיט לעבן. דורך דער צעהוידעטער שטילקייט האבן זיך דורכגעריסן אָפּקלאַנגען פון שיסערייען און סאָלדאַטיש־שווערע טריט. הייסט עס: די „אקציע" דויערט נאָך! אָבער קיין פּחד איז שוין נישט געווען. ס'איז געווען בלויז מידקייט, וואָס האט זיך צעגאָסן אין די גע־הירן און אין די גלידער, ווי ס'וואָלט פון זיי אַראָפּגענומען געוואָרן א שטייף־אָנגעצויגענע פּרוזשינע. מענטשן האבן גענומען טיף עטעמען.

...א קינד האט זיך צעוויינט. פריער מיט א פאַרשטיקטן כאָרכל, באלד אָבער הילכיקער, לויטערער. פּלוצעם האט זיך דאָס געוויין איבערגעריסן. אין דער מידער שטילקייט האט זיך דערהערט דאָס טשמאָקען פון קינ־דערישע ליפּן, וואָס האבן באַקומען דער מאמעס ברוסט.

— א גוטער אויפשטאַנד אויף דיר, א גוט מאָרגן דיר, קינד מיינס...

די מענטשן אין דעם גרוב האבן דערפילט בחוש, ווי א פרייש פרי־מאָרגן־ווינטל וואָלט זיך אַריינגעריסן אין דער פינצטערער געדיכטעניש.

# תחית המתים

נישט אזוי פון שרעק, ווי פון עטלס געשריי: „די מחבלים גייען" איז דער עולם איינס פול געפאקטן צימער א פארצאפלטער געבליבן שטיין אין פולשטענדיקער אפהענטיקייט. ווען מ'איז צו זיך געקומען און אין איילעניש זיך געכאפט צו פארבאהאלטן, וואס ס'איז אין האנט אריינגעפאלן, איז די טיר שוין געווען אויפגעפראלט. א כאפטע געטארפאליציאנטן האט זיך צעלאזט איבערן צימער זוכן, נישטערן, טרייסלען.

— אליין גיט. ס'עט אייך בעסער לויגען...

איידער מ'האט זיך דערוווסט, וואס אזוינס דארף מען אליין געבן, אז ס'האנדלט זיך וועגן א נייער גזירה — פוטערוואוג פאר דעם דייטש — זיינען שוין אין די פאליציאישע זעק געפלויגן שטיקלעך זייף, בימלעך זאלץ, שיך...

דאן טאקע האט מען עס אנטפלעקט עפראגען.

ווען ער האט זיך אין דעם צימער באזעצט, האט קיינער נישט געוווסט. מ'האט זיך משער געווען, אז אוודאי נאך דער צווייטער אקציע, ווען אין די ענגער געווארענע געטא־צימערן האט מען גענומען „בויען" צווייטע און דריטע עטאזשן — „פלאצקארטנע ערטער". ארום די ווענט האט מען פארצויגן שטריק, פארלייגט אויף זיי ברעטער, און עס זיינען געווארן — פריער געלעגערס, נאכהער — גאנצע פאמיליע־ווינקלעך.

ווען איינער פון די פאליציאנטן האט זיך אויפן „דריטן שטאק" פארקליבן אויסצוגעפינען באהעלטענישן, האט ער פלוצעם זיך צעלאזט מיט א פיסק קללות, באשר מען באהאלט דא אוים מענער... צו דער ארבעט גייט מען נישט... דריכנייען גאר אין מיטן העלן טאג... און מען שטעלט אין געפאר א גאנצע געטא מיט יידן...

דער עולם שטייט און ווייסט נישט פון וואס צו זאגן. דער פאליציאנט צעלאזט זיך דארט מיט קלעפ אין א מענטשלעכן קערפער, אז

ס'הילכט אזש אַפּ אונטן. באַלד לאָזט ער זיך שנעל אַראָפּ און פּלאָנטערט עפּעס מיט דער צונג. ביז דער קרייז צעשראָקענע ווייבער און קינדער דערוויסט זיך, אַז ס'איז גאָר א מת... ער אווירט שוין...".

אַז די כאַפּטע פּאַליציאַנטן איז אוועק פון צימער, האָט אויפן „דריטן שטאָק" זיך אַרויסגעקליבן דער צעניאַריקער נאַטעק.

— אוי, ס'איז דער לערער! — האָט ער פון אויבן אַראָפּגעשריגן.

נאָך אים זיינען אַרויף עטלעכע יינגלעך און גענומען פּאַמעלעך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד דעם מאַכטלאָזן מענער־גוף. עמעץ האָט אים אָנגעטאַפּט ביים דופּק און דערפילט א שוואַכן סימן פון לעבן. ווייבער האָבן זיך גענומען פּאָרען אַרום אים, אָפּגיסן מיט וואַסער, רייבן די שלייפן, און דער ייד האָט אויף א סעקונדע אַן אויג געעפנט. א שטילער קרעכץ האָט זיך דורכגעריסן דורך זיינע שטייף פאַרשטשירעטע ציין, און באַלד איז ער ווידער געבליבן ליגן פאַרשמאַכט.

ס'האָט פון זיך אַליין זיך גענומען פירן אין צימער — אַז א משפחה פלעגט אָפּקאָכן א ביסל וואַרעמס, האָט מען גערופן נאַטעקן, ער זאָל א פּאָר לעפל אַרויפטראָגן „דעם מת" — עפּראַנען, הייסט עס.

* * *

נאָך יענע צוויי טעג, ווען צוזאַמען מיט א דריטל יידן איז צוגע־נומען געוואָרן אויך עפּראַנס פרוי מיט ביידע קינדער, האָט עס געקאָנט געשען אין יעדן געטאָ־צימער: ס'איז אַריין א מענטש און קיינער האָט ביי אים נישט געפרעגט, וואָס ער פאַרלאַנגט און פאַר וואָס האָט ער זיך גראָד דאָ באַזעצט. מ'איז אַזוי איינגעגראָבן געוועןן יעדער אין דער אייגענער פּיין, אַז ס'האָט בכלל איינער דעם צווייטן נישט באַמערקט. אַזוי אומבאַמערקטערהייט איז אויך עפּראַן פאַרקראָכן אין א ווינקל צווישן אָנגעוואָרפענעם אַלטוואַרג און שוין געבליבן דאָרט ליגן. שפּעטער האָט ער זיך אויבן פאַרקליבן. עמעץ האָט אים אָנגעוויזן אויף א פריי אָרט, און דער דאָזיקער „עמעץ" האָט עפּראַנען אונטערגעשטויסן, ממש אַרויפ־געשלעפּט אויפן דריטן שטאָק.

דאָס האָט עפּראַן אָנגעהויבן באַנעמען ערשט נאָכדעם, ווי מ'האָט אים אָפּגעמינטערט. ער האָט אינגאַנצן פאַרלוירן די מאַכט איבער זיך אַליין. שטרענגט ער זיך אָן, וויל זיך עפּעס דערמאָנען — ווערט דער קאָפּ שווער, ווי א שטיין, און די אויגן מאַכן זיך מיד צו, נישט אויפצו־רייסן זיי.

אָט זיצט לעבן אים דער קליינער נאַטעק, קוקט אויף אים מיט וואָרעמע רחמנות־אויגן, און ער, עפֿראָן, זאָל כאָטש מיט א שמייכל ענטפֿערן, א האַנט אויסשטרעקן א גלעט צו טאָן — גאָרנישט! אפילו דאָס ביסל געקעכטס גיסט אים נאַטעק אין האַלדז אַריין, און ער, עפֿראָן, מאַכט נישט די קלענסטע אָנשטרענגונג אַראָפּצושלינגען עס.

— עסט, לערער, וועט איר געזונט ווערן...

אייגנטלעך, איז ער גאָרנישט קראַנק, ס׳טוט אים דאָך קיין איין אבר נישט ווי, נאָר ווען ער וויל עס זאָגן נאַטעקן, קאָן ער קיין קלאַנג פֿון האַלדז נישט אַרויסבאַקומען...

...„לערער”, רופֿט ער אים. פֿאַרוואָס עפּעס לערער?...

די קנייטשן אויף עפֿראָנס שטערן ווערן אָנגעשוואָלן, און זיינע אויגן צעעפֿענען זיך ברייט און קוקן שאַרף זיך איין אין נאַטעקס פּנים. פֿון גרויס אָנשטרענגונג פֿאַרלויפֿן שווייס־טראָפּנס אין די טיפֿע שטערן־קנייטשן און רינען אים אַראָפּ גלייך אין די אויגן. עפֿראָן דערפֿילט, ווי דינינקע שפּיזלעך וואָלטן אים געשטאָכן די שוואַרצאַפּלען. טרערן נעמען זיך גיסן אָן אויפֿהאַלט...

— עסט, לערער, וועט איר געזונט ווערן, — חזרט איבער נאַטעק און טראָגט דערביי אונטער עפֿראָנען דאָס קעסעלע וואַרעמס. און מחמת נאַטעקס אויגן זיינען אויך פֿאַרלאָפֿן מיט טרערן, באַמערקט ער נישט, ווי עפֿראָן האָט זיך פּלוצעם גיריק צוגעכאַפּט צום עסן.

דאָס הויכע טשאַוועקן מיט די ליפּן נאָך יעדן זופּ, באַגלייט מיט א משונהדיקן סאָפּען פֿון די אויפֿגעשוואָלענע נאָזלעכער, האָבן אויף נאַטעקן לכתחילה אָנגעוואָרפֿן א פּחד ער האָט אפילו געפּרוווט איין פֿוס אַראָפּלאָזן פֿון דער נאַרע, אָבער פּלוצעם דערפֿילט ער אויף זיך עפֿראָנס בליק, אין וועלכן עס איז געווען דאָס אַמאָליקע באַפֿעלערישע, וואָס פֿלעגט א צעווייגטן קלאַס חברה באַרויִקן און צווינגען אויפֿמערקזאַם אים אויסהערן: „וואָס ווייטער?”.

ווי אַמאָל, אין קלאַס, בעת דער לערער איז אומצופֿרידן געווען פֿון א נישט־גענוג פֿאַרענטפֿערטער פֿראַגע, האָט א שווערקייט גענומען פּרעסן נאַטעקס מוח, זוכנדיק עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל צווינגען דעם לערער עפֿראָן צו זאָגן זיין איינגעהאַלטן־צופֿרידענעם „גענוג, זיץ”. אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן עפּעס צו געפֿינען, האָט אים שוין געטראָפֿן דעם לערערס אורטייל:

— גאָרנישט. פֿאַרפֿאַלן. געענדיקט!...

מיטאמאָל האָט נאַטעק זיך דערמאָנט אין עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט געהאַט בעת אַן עקזאַמען געהערט פון לערער אַליין:

— געענדיקט, דאַרף מען אויפהערן אָנהויבן.

נאַטעק האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז דאָס האָט ער דעם אַמאָל שטרענגען לערער עפּראַן פאַר זיך. ער האָט עקשנותדיק גענומען דער־ווייזן: ס'איז נישט פאַרפאַלן, — מען מוז, מען קען, מען דאַרף...

— וואָס?

נאַטעק האָט זיך נעענטער צוגעבויגן צו עפּראַנען און ווי א סוד אים גענומען איינרוימען וועגן די, וואָס גייען אַוועק, וועגן די, וואָס גרייטן זיך, טוען...

עפּראַן איז גרייט געווען מיט ביטול אָוועקצומאַכן אָט די יונגלשע חלומות, וואָס קומען פון פאַרצווייפלונג. ער האָט אָבער האַרט ביי זיין אויער דערהערט דאָס שטילע סודותדיקע שעפּטשען:

— אויך מיר, פון אייער שול, האָבן באַשלאָסן...

פאַר עפּראַנס אויגן האָט אויף א מינוט א בלענד געטאָן די ווייס־קייט פון קלאַס־צימער און ציטנדליקער אָט אַזעלכע אָנגעשטרענגט־צעהיצ־טע אויגן פון זיינע שילער, וואָס הערן זיך איין אויפמערקזאַם צו זיינע ווערטער.

ער האָט, לויט דער אַלטער געוווינהייט, א פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיין פליכעוואַטן קאָפּ — א סימן, אַז דעם עיקר האָט ער נאָך צו זאָגן.

— ווען איר וועט זיך צונויפקומען, זיי מיר מודיע...

# אונטער דער ערד

דער סימן איז געווען: אויפן ראָג בית־עולם־געסל וועט א יאַטל דייניקן דעם ברוק, און דאָס פּעלצל וועט ביי אים זיין איבערגעדרייט מיטן פוטער ארויף. דאַרף מען אים פרעגן: „וווהין פירט מען ארויס דאָס מיסט פון געטאָ?“... ער וועט שוין ווייזן...

שלמה ניסן האָט בעת מעשה, ווען מ׳האָט אים איבערגעגעבן סאַשעס באַפעל און דעם פּאַראָל, געמאַכט א גליקלעכגילטיק פּנים. ווי איינער זאָגט: „מען קען זיך אויף די אונטערערדישע קונץ־שטיק“. אָבער א טיאָכקע געטאָן האָט אים אין הארצן גאָר שטאַרק. עפּעס איז געשען. ס׳איז אוודאי ערב אן אקציע. און כאָטש ער איז מיד געווען פון א טאָג שווערער, קנעכטישער ארבעט ביים בויען דעם דייטשישן גאַראַזש, און הונגעריק איז ער געווען אזוי, אז ס׳האָבן זיך אים אזש די קישקעס פארדרייט, האָט ער קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען זיך צוצורוען, אָפּצורוען און נעמען עפּעס אין מויל אריין. עס זאָלן אָבער נישט באַמערקן די שכנים זיין אויפרעגונג, האָט ער זיך גענומען פּאַרען ארום זיין ביסל מטלטלים, וואָס איז געלעגן אין ווינקל, ביי זיין געלעגער. קענטיק, אז די שכנה זיינע (מענטשן האָבן געזאָגט „זיין געטאָ־ווייב“), דבורה, האָט יאָ עפּעס באַמערקט. זי האָט אים א פרעג געטאָן, ווו ער קלויבט זיך עס אזוי שפּעט. האָט ער אויף יעדן פאַל זיך געוואָלט באַוואָרענען — טאָמער וועט ער נישט קומען נעכטיקן, — און האָט דעריבער שטיל, מיט געמאַכטער גלייכגילטיקייט דערציילט איר א מעשה, וועגן א שאַנס:

— ס׳קען זיין, אז כ׳וועל דאַרפן א גאַנצע נאַכט האָרעווען עפּעס צו פאַרדינען... א מלינה מאַכן פאַר עמעצן...

דעם יאַטל האָט ער פון דער ווייטנס באַמערקט, גלייך דערקענט, אז ער דערנערווירט זיך שטאַרק: אַנשטאָט קערן דעם ברוק, דרייט ער זיך

אויף איין אָרט מיטן „שטורקאַץ" אין דער האַנט. עס האָט נאָך שלמה ניסן נישט באַוויזן אָפּזאָגן דעם פּסוק, און דאָס יאָמל האָט אים שוין אַלץ קליפּ און קלאָר אויסגעלייגט, און דערביי, מיט פאַרוואָרף אין קול, צוגעגעבן: „אַז מ'זאָגט זעקס — דאַרף זיין זעקס".

אין מתים־שטיבל האָט אים באַגעגנט סאַשע:

— געמיינט, אַז דו ביסט שוין נישט קיין היגער — און בעסדריק געהייסן אים גיין נאָך זיך.

פון סאַשעס האַרטן און זיכערן בליק האָט שלמה ניסן אַרויסגע־לייענט, אַז קיין שום אומגליק איז נישט געשען. ס'גייט אוודאי וועגן אַ נייטיק שטיקל אַרבעט. און דאָ ערשט האָט ער דערפילט, ווי די מיד־קייט פון שווערן טאָג וואָלט אים אַריין אין די פיס, וועלכע האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן, בעתן קריכן טיפער אין קעלער אונטערן מתים־שטיבל.

נאָך איידער סאַשע האָט עס געזאָגט, האָט שלמה־ניסן בחוש דער־פילט, אַז דאָ איז פאַראַן נאָך ווער. אָבער די פינצטערניש איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אַפילו סאַשען האָט ער אויפגעהערט פילן לעבן זיך.

— קורצע דיבורים: פון היינט אָן זייט איר טויט, און צו קבורה געקומען זייט איר דאָ! מיט אַ שטאָק נידעריקער פון די אמתע מתים.

סאַשע איז אַ מינוט שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט אָפּגעוואַרט צו זען, וואָס פאַר אַ רושם זיינע מאָדנע דיבורים האָבן געמאַכט אויפן עולם.

סאַשעס ווערטער האָבן געקלונגען אַזוי אומהיימלעך, אַז קיינער האָט גאָרנישט נישט געפרעגט.

— קיין משפחות האָט איר קיינער נישט, אַזוי, אַז ס'וועט נישט זיין ווער ס'זאָל אייך באַקלאָגן, סיידן... אפשר האָט ווער געלאָזן אַ גע־טאָ־ווייב (שלמה ניסן האָט דערפילט דעם שמאָך... „אַלץ ווייסט ער, דער טשעקיסט") אָבער דאָס רעכנט זיך נישט. וועלן זיי איצט זיין געטאָ־אַלמנות...

עמעצער האָט אַ כיכיקע געטאָן. עמעץ האָט זיך געפּרוווט, אַ דער־מונטערטער אָפּרופן מיט אַ וואָרט. אַן עלעקטריש לעמפּל האָט זיך אָנגע־צונדן ביי סאַשען אין האַנט און אַלע האָבן מיט צוגעזשמורעטע אויגן זיך אָנגעבויגן פאָרויס, נייגעריק אָנקוקנדיק איינער דעם צווייטן.

חוץ סאַשען זיינען דאָ געווען נאָך פינף מענער און איין פרוי.

— באַקענען זיך וועט איר צייט האָבן, — האָט ווידער אין דער פינצטער געהערט סאַשע. און כאָטש די שטימע זיינע האָט איצט גע־

קלונגען הארבער, די ווערטער זיינען געוואָרן קאַרגער, מעשה מיליטערישע קאָמאַנדע, האָט יעדער דאָך דערפילט זיך היימישער, האָפעדיקער.

דער ענין איז קלאָרער געוואָרן. צוריק אין געטאָ וועט זיך קיינער נישט אומקערן — אָדער דער טויט דאָ אויפן אָרט, אָדער... דאָס וועלן זיי שוין שפּעטער זען. אויף דעם באַקומט יעדער אַ גאַראַנטיע, אויפן לעצטן פאַל — אַ ביסל סם. די אויפגאַבע איז אַ דרינגנדיקע, און נאָר זיי, אַלס אויסגעפּרוווטע, איז די זאַך אָנגעטרויט. מען דאַרף גראָבן אַ טונעל. די ריכטונג, די לענג, דער טערמין — אַלץ ווייסט סאָניע. זי פירט אָן. זי איז פאַראַנטוואָרטלעך. פאַרבינדונג, עסן, ידיעות, באַקומט מען דורך פינקעלען (אָט דער מיטן בעזעם). ס'נישט די צייט גענויער צו דערציילן — דאָס וועט טאָן דער אינזשעניער, סאָניע. איינס דאַרף מען וויסן, ס'איז אַן אויפגאַבע פון גרויסער באַדייטונג. ס'גייט וועגן דעם, אַז דאָרט, וווּ עס הערשט דער טויט, זאָל אויפקומען לעבן, און נאָך וואָס פאַר אַ לעבן!... פאַרשטאַנען?! נו, וועט איר שפּעטער פאַרשטיין! איצט — און ווידער האָט דאָס עלעקטריש לעמפּל אַ בלענד געטאָן אין סאָשעס האַנט — איצט צו דער אַרבעט!

ער האָט זיך צעקושט מיט יעדן איינעם, און ווען מ'איז צו זיך געקומען, האָט מען בלויז געהערט דאָס שיטן זיך פון זאַמד, נאָכן אַראָפּלאָזן דעם דעק פון קעלער.

* * *

אַלע האָבן געוואַרט אויף סאָניעס אַ וואָרט. האָט זי אָבער בשום אופן דאָס פּאַסיק וואָרט, וואָס זאָל פאַרזעצן סאָשעס קאָמאַנדע־שפּראַך, נישט געקאָנט געפינען. דאָס שווייגן איז געוואָרן אַלעמען איבערלעסטיק. עפּעס מוז מען דאָך טאָן, און דאָס טאָקע גאָר שנעל. האָט איינער גענומען שאַרקען מיט די פיס און באַלד זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. נאָך אים די איבעריקע. סאָניע האָט זיך די ליפּן געביסן, נישט וויסנדיק וואָס זאָגט מען דאָ אַזוינס, וואָס זאָל דעם עולם דערמאָנען, אַז זי איז די פאַראַנטוואָרטלעכע. זי האָט געפילט, אַז ס'איז נאַריש, אַז ס'איז לאַחר־המעשה, אָבער געזאָגט האָט זי:

— זעצט זיך צו אַביסל. רוט אָפּ. באַלד וועלן מיר זיך נעמען טאָן.

שפּעטער האָט סאָניע פאַרגעדענקט, אַז דאָס איז געווען שלמה ניסן, וואָס האָט די פאַרפרעמדקייט ווי מיט דער האַנט אַראָפּגענומען, און מען האָט זיך גענומען פילן פאַרבונדן מיט איין סוד, מיט איין ציל, מיט איין גורל.

— צוואַנציק יאָר גאָכאַנאַנד בין איך געווען אין אונטערערד. ווו בין איך נישט אויסגעווען! וואָס פאַר אַ מלאכה האָב איך שוין נישט געטאָן! אָבער אונטער דער ערד בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען. ס'איז מיר טאַקע שטענדיק קשה געווען, פאַרוואָס רופט מען עס „אונ־טערערד"? מיר זיינען מער אויף בוידעמער געווען... האָט געדאַרפט קו־מען היטלער און מיר עס באַשיינפערלעך דערווייזן..

— זאָגסטו צוואַנציק יאָר? — האָט זיך אָפּגערופן אַ פּישטשענדיקע מענער־שטימע — און איך האָב אַ שעה נאָכן קומען אין דער באַוועג־נונג דערפילט, ווי כ'וואָלט איינציקיטיק אויף צווי גאַרנס געוווינט. אַ, וויפל צרות האָב איך עס געהאַט אויסצושטיין, ווען ס'פלעגט זיך אַמאָל אַ פּלאַנטער טאָן אין מח דער אדרעס. היינט איז כאָטש קלאָר — אין אדרעס...

— אויפן בית־עולם — האָט עמעץ אונטער דער נאָז אונטערגעג־באָמקעט.

— קענטיק, אַז נישט אַלץ האָט איר געוווסט, — האָט זיך אָפּגע־רופן אַ סיפּלע קול און באַלד אָפּגעהאַקט. אַנשטאָט ווערטער האָט מען פון יענעם אָרט אַ שטילן כיכיקען געהערט.

— און וואָס האָסטו געוווסט? — האָט מיט פאַרדרוס, וואָס מען דאַרף איים טאַר ציען ביי דער צונג, אַרויסגעפּליסטערט שלמה ניסן — אפשר אַ סוד? קאָנספּיראַציע!

דאָס זעלבע כיכיקען האָט געענטפערט, אָבער איצט איז עס געווען שוין מער ענלעך אויף אַ פאַרשטיקט אַריינהוסטן צו זיך אין בוזעם אַריין.

— אָ, יאָ, נאָך אַ מין קאָנספּיראַציע! וויפל יאָר זיינען אַדורך און וועגן דעם הערט מען נישט. וואָס ווייסט איר וועגן יונגע חברה, וואָס האָבן חדשים לאַנג קיין שטראַל ליכט נישט אָנגעזען; וואָס פלעגן זיך פאַרכליניען איינם איינענעם בלוט יעדעס מאָל, ווען זייערע לונגען האָבן געפרווווט טיפער אָפּעטעמען. וויפל מאָל כ'האָב זיי פאַרגעליינט: „גייט אַרויס אויבן, די פאַרטיי וועט אייך לאָזן אָפּרוען, היילן זיך"... קיינער איז נישט געגאַנגען. זיי האָבן געוווסט — צוריק אונטער דער ערד וועלן זיי שוין נישט קומען...

— אין אַ דרוקעריי האָט איר געאַרבעט? האָט סאָניע אויפגע־צאַפּלט. און די איבעריקע האָבן געמיינט, אַז דער צאַפּל איר נעמט זיך דערפון, וואָס זי האָט די ערשטע פון אַלע זיך געכאַפּט, וועגן וואָס פאַרא חברה ס'דערציילט זיך עס.

באַלד אָבער איז אין אַלעמענס אויערן אַריינגעדרונגען דער ווייכער

פליסטער פון א פרויען־שטימע, וואָס האָט סודותפול דערציילט וועגן דער גרויסער זאך, וואָס איז זיי אַנגעטרויט געוואָרן: פון די טיפענישן פון אַט דער דאָזיקער ערד וועט דערגיין דאָס אמתדיקע וואָרט. די, וואָס גלויבן נישט — וועלן גלויבן באַקומען; די, וואָס האָבן זיך מיאש גע־ווען — וועלן דערמוטיקט ווערן; די, וואָס וואַרטן — וועלן דערהערן דעם באַפעל; די וואָס שטייען אין שלאַכט — וועלן פאַרטאָפּלען די קלעפּ...

— א דרוקערײַ וועט דאָ זײַן?!

— מיט אַן ארויסגאַנג אויף ביידע זײַטן וועלט — אויך אויף „יענער זײַט"...

עמעץ האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע, א צווייטער האָט דערלאַנגט א ליכט. קיינער האָט דעם אַנדערנס פּנים נישט געזוכט. מ'האָט זיך פון די ערטער אויפגעהויבן, אויפגעזוכט די צוגעגרייטע שטאַט־אייזנס, און איידער וואָס־ווען, איז שוין סאַניע געשטאַנען פאַרויס און אין ווערטער געצייכנט מיט א רידל די הויך און ברייט פון טונעל.

# זיכערקייט

די! וואָס האָבן שלום איינגעאָרנט געקענט פאר דער ערשטער אַקציע, פלעגן אויך איצט, ביים באַגעגענען זיין קאַלאַנע, בעת איר צוריקקומען פון דער אַרבעט, אין געטאָ, פּרוּוון אויפן וואַנק זיך דערוויסן, צי ס'איז פאַראַנען עפּעס וויכטיקס. אַז נייעס וועט שלום ברענגען — דאָס איז קיין ספק נישט. אַזאַ בריה אויף צונויפנעמען ידיעות, ווי ער, איז קיין צווייטער אין געטאָ נישט געווען. פון אַ נישט־דערזאָגט וואָרט בעתן אָנציען דעם העלד שעף אויף אַ שמועס, פון אַן איבערגעלייענטער שורה אין דעם „שטאַט־טרופּ" אָדער „אדלער אם אָסטען", אפילו פון דער מינע אויפן אָבערסטס צורה, בעת זיין טעגלעכן וויזיט אין די וואַרשטאַטן, ווו ס'האָבן געאַרבעט יידן און קריגס־געפאַנגענע — פון אַלץ האָט שלום באַוויזן אַרויסצובאַקומען נייעס. פאַרנאַכט, ווען אין געטאָ פלעגט הערשן טויטע שטילקייט, ווען טויערן זיינען געווען אויף ריגלען און שלעסער צוגעשפּאַרט, פלעגן שכנים זיך צונויפקומען ביי שלומען, און ער האָט געלאָזן, אין טאָן פון אַ ראַדיאָ־דיקטאָר איבערגעגעבן די לעצטע נייעס. און די אַלע נייעס זיינען שטענדיק געווען דערמונטערנדיקע, ממש דערלייזערישע. פון שלומען פלעגן יידן אַוועקגיין מיט אַ גרינג געמיט, פאַרטרוימטע וועגן דעם געוואַרטן טאָג, וואָס איז שוין נאָענט, וואָס אָט קומט ער, און ס'נעמט אַ סוף צו די צרות.

געקומען זיינען אָבער טעג האַרבסטיקע, גאָר שווערע. בעתן צונויפקומען זיך ביי שלומען, פלעגט זיך ביי וועמען שוין אַ זיפץ אַרויסרייסן, אַ צווייטער פלעגט אפילו לאָזן פאַלן אַ ביטער יאושדיק וואָרט.

דאָך האָט מען ווייטער קיין איין טאָג נישט דורכגעלאָזן נישט צו זיין ביי שלומען. איינגענומען די טעגלעכע פּאָרציע נייעס איז געוואָרן אַן

אָרגאַנישע באַדערפֿעניש. אָן דעם האָט קיין רייד נישט געקענט זיין וועגן פֿאַרענדיקן דעם אומרואיקן געטאָרטאָג.

נאָך דער ערשטער אַקציע האָט זיך אַלץ געענדיקט. ווייניק ווער פֿון די אַלטע שכנים איז לעבן געבליבן. ווער ס'איז יאָ ניצול געוואָרן, האָט גלייך נאָך דער אַרבעט זיך באַגראָבן אין אייגענעם ווינקל און דער עיקר — שלום איינגאַרן גופֿא האָט מער גאָרנישט געוווּסט, אָט ווי אַלע בייעס־קוואַלן וואָלטן מיט אַמאָל פֿאַרשטאָפּט געוואָרן.

ס'פֿלעגט נאָך אַמאָל אַריינקומען צו אים דער אַלטער הורוויטש (אָט דער, וועגן וועלכן מען פֿלעגט זאָגן, אַז פֿון פֿונאַנדערטראָגן שלומס נייעס האָט ער זיך אַ פּרנסה געמאַכט — ער גייט אַרום פֿון שטוב צו שטוב, לייענט אַרויס פֿון פּאַפּירל וואָס „דער ראַדיאָ זאָגט" און... באַקומט דערפֿאַר אַ טעלער זופּ, אַ שטיקל ברויט). ער פֿלעגט זיצן, דער אַלטער, אַריינקוקן אין שלומס פֿאַרשטאַרטע אויגן און מיט אַ שטילן קרעכץ זיך אָפּטראָגן אויף זיין געלעגער.

ביי דער אַרבעט אין דייטשישן שניידער־וואַרשטאַט פֿלעגט מען איצט ווינציק רעדן. האָט עמעץ יאָ אַ וואָרט אַריינגעוואָרפֿן, האָט עס צו שלומס אויערן קוים דערגרייכט.

שלום האָט פֿאַרלוירן די זיכערקייט, יענע זיכערקייט, וואָס פֿלעגט נאָכמער שטייגן אין אים, נאָכדעם ווי ער האָט מיט זיינע נייעסן לעבעדיק געמאַכט שלאַבעריקע, פֿון יאוש האַלב־אויסגעלאָשענע נשמות. אָפֿט, בעת דעם מינדעסטן סקריפּ, פֿלעגט ער זיך געבן אַ כאַפּ פֿון דער מאַשין און בלייבן שטיין אַן אויפֿגעציטערטער. ביינאַכט פֿלעגט ער אַראָפּקריכן פֿון געלעגער, אָפּשטיין אַ צייט לאַנג ביים פֿענצטער און קוקן אויפֿן פּלויט, וואָס האָט קיין ברעקל הימל נישט צוגעלאָזט.

שפּעטער האָט זיך אים, שלומען, אָנגעהויבן דוכטן, אַז ער באַקומט ווידער די פֿאַרלוירענע זיכערקייט. ער האָט באַמערקט, אַז ביים אויסשטעלן זיך אין רייען, צוריקגייענדיק אין געטאָ, זיינען אין דעם פֿערטל פֿון דעם צווישנייִדער געלבאַרט שטענדיק די זעלבע אַרבעטער, אַז אין גאַנג וואַרפֿט מען זיך קונציק איבער מיט ווערטער אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט הערן. שלום האָט גענומען זוכן אַ צוטריט צו געלבאַרטן, געפּרוּווט באַנייען זיינע קענטעניש אָנצוציִען אויף אַ שמועס און אַרויסבאַקומען דאָס, וואָס געלבאַרט היט אָפּ פֿון אַלעמען אַרום. שלום איז שוין כמעט זיכער, אַז ער איז דערגאַנגען צום עיקר — מ'האָט אים אפֿילו אין אַרבעט אָנפֿאַרטרויט: שלעפּן פֿון וואַרשטאַט, וואָס עס לאָזט זיך. מען דאַרף עס האָבן... שלום פֿאַרשטייט, ווער ס'דאַרף עס.

ער אליין, שלום, דארף עס... ער אליין געהערט דאך צו די, וואס ווילן זיך נישט לאזן קוילענען...

ביסלעכווייז האט זיך אפגעטאן פון שלומען דער אומרו. זיין שטיל־שווייגן האט איצט פארמאגט אין זיך די טיפקייט פון א שטארק אפ־געהיטענעם סוד. קיין זייטיקע געשפרעכן האבן זיינע אויערן איצט נישט אויפגענומען — זיי האבן אים געשטערט צו שפינען דעם טרוים וועגן זיין, שלומס, דערנענטערן דעם טאג פון דערלייזונג. אבער גערעדט האט ער א גאנצן טאג, אפט אין מיטן דער נאכט — מיט זיך אליין.

אין יענעם פרימארגן, ווען דער פארשטייער פון יודען־ראט האט דעם דייטשן באגלייטער פון דער שניידער־קאלאנע געזאגט, אז ער קען שוין אפפירן צו דער ארבעט: „מער וועלן שוין נישט קומען" — האט פלוצעם געפלאצט דער פאנצער, וועלכער האט באשיצט שלומס דער־ווארבענע זיכערקייט. מען האט אים געפרווט ציען פארן ארבל, אפ־ציען — שלום האט אלעמען אפגעשטויסן פון זיך, איז צו צום יודענ־ראטניק מיט אן אליארם: „ס'הייסט ס'וועלן שוין נישט קומען?! נו, און דער צושניידער? און די איבעריקע שניידער ווו זיינען?"

געטא־פאליציאנטן האבן אים אין דער ריי אריינגעטריבן, און כאטש אלעמען איז שוין קלאר געווען פון די פאליציאנטישע רייד: „אפשר ווילסטו אויך אהין, ס'איז א זייער זיכער ארט", אז ס'איז נישטא מער וואס צו פרעגן, האט שלום א גאנצן וועג געהאלטן אין איין איבער־חזרן זיין „ס'הייסט? ווו זיינען זיי?". ס'האט זיך געדוכט, אז צו זיין באר וווסטזיין איז נישט דערגאנגען דאס דערציילן פון אן ארבעטער, אז „געסטאפא האט א גאנצע נאכט געגנישטערט אין געטא, פארטיזאנער געזוכט". דער פרעג־צייכן איז שוין אזוי געבליבן אויף זיין פנים.

ערב דעם סוף פון ארבעטס־טאג איז שלום פלוצעם אוועק פון דער מאשין און גענומען ארומשמייען איבערן ווארשטאט. ס'האבן נישט גע־האלפן די וואָרענונגען פון די ארבעטער, אז דער שעף קאן אנקומען. שלום איז צו צום צושניידער־טיש, געראיעט זיך, געזוכט און פארטייעט גענומען אראפלאזן אין דער בוזעם־קעשענע די גרויסע צושניידער־שער. אן ארבעטער האט עס באמערקט און רואיק, ווי מעשה־שפאס, געפרעגט שלומען:

— קלויבסט זיך נייען אין געטא? עפעס צושניידן?

שלומס אויגן האָבן אָנגעשטרענגט זיך אָפּגעשטעלט אויף אים און הויך, ווי נישט מיט זיין קול, אויסגעשריגן:

— יאָ, שניידרן, שניידרן וועל איך, וואָס דען וועל איך טאָן?

ס׳פלעגט טרעפן, אַז ביינאַכט האָט שלום פּלוצעם זיך אַ ריס געטאָן פון אומרואיקן געטאַרשלאָף, אָנגעטאַפּט דאָס אָרט, וווּ די שער האָט זיך געפונען, און אין אויסגעשעפּטער פון גרויסער אָנשטרענגונג איז ער ווידער אַנידערגעפאַלן אויפן געלעגער...

# ביים ראַנד

וואָס שטאַרקער די זאַוויערוכע האָט זיך צעבושעוועט, אַלץ רואי־קער איז איסערן געוואָרן אויפֿן הארצן. ער האָט זיך דערפֿילט אַזוי אויפֿגעלייגט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן זיין אייגענעם באַפֿעל: „ליגן ווי די מתים! נישט רירן מיט קיין אבר" — און גענומען רייבן אַ האַנט אין אַ האַנט, טשאַכען די פּלייצעס, כּדי זיך אַביסל צו דערוואַרעמען. דער ווינט האָט געריסן די לעצטע שינדלען פֿון דער חורבה, וואָס איז געשטאַנען ביים ראַנד פֿון געטאָ. דער שניי האָט ווילד געדרייט זיך איינם חלל, ביז ער איז אַנידערגעפֿאַלן אין אַנמאַכט אויף די אַנגעוואָרפֿענע קופּעס מיסט. אַנגעטאָן אין ווייסע, פֿון לײַלעכער געמאַכטע, כאַלאַטן האָט יעדער איינער פֿון דער גרופּע, וועלכע איסער האָט געדאַרפֿט היינט אַרויסבאַגלייטן, אויסגעזען ווי אַ בערגל שניי. קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן פֿון אָרט. איז איסערן אַ רחמנות געוואָרן אויף די חברים, האָט ער גענומען זיך צוקאַראַבקען צו איינעם, צו אַ צווייטן:

— וואָס זאָגסטו, אַ? ס'קאַפּעט גאָלד! ס'וועט אַוועקגיין אַ גאַנג

— עקסטראַ! לויט אַ ספּעציעלע באַשטעלונג!

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיין ביישפּיל קאָן צעוויגן דעם עולם, און ער האָט זיך שנעל איינגעסקוליעט און אָנגעשטרענגט דעם געהער צו כאַפּן ווי האַלט עס אין דער וועלט.

דער ווינט האָט כּמעט זיך אַנגעלייגט דאָ אויף איין וואַנט פֿון דער חורבה, דאָ אויף אַ צווייטער און, נישט קאָנענדיק זיי ביקומען, איז ער דורך די לעכער פֿון דאַך, דורך אַ ליאַדע שפּאַרונע געקראָכן אין די ביינער פֿון די פֿאַרטייעטע יידן.

צייטנווייז האָט זיך איסערן געדאַכט, אַז די זאַוויערוכע שטילט זיך איין. דאַן פֿלעגט ער שנעל אַרויסשלעפּן דעם קאָפּ פֿון אָנגעוואַרעמ־טן בוזעם און באַלד זיך כאַפּן, אַז סך־הכּל האָט ער נאָר אָנגעהויבן

דרימלען. ער איז אומרואיק געוואָרן. ער קאָן דאָך נאָך אמאָל פאַרהערן דעם סיגנאַל פון יענער זייט. מער פעלט אים נישט. ער וועט דאַן באַצאָלן מיט זיין אייגענעם קאָפּ. איסער האָט נאָך מער אָנגעשטרענגט זיין געהער, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז נאָך נישט די צייט, אַז דער קריי פון האָן — דער צייכן פון דער „אַנדערער זייט", קאָן ערשט קומען נאָך דעם, ווי די פּאָליציייאישע וואַך ביים ראַנד פון געטאָ וועט זיך טוישן. נישט געטרויענדיק זיך אליין, האָט איסער זיך אָנגעבויגן צום נאָענטסטן „בערגל" און אים איינגערוימט, אַז ער זאָל ווייטער איבערגעבן: „זאָל איינער דעם צווייטן נישט לאָזן דרימלען, זאָל מען זיך גוט צוהערן, ווייל אָט, אָט...".

...ס'האָט קיין ספק נישט געקאָנט זיין — באַרג אַראָפּ פון שטאָט, אין דער ריכטונג פון געטאָ, טראָגט זיך אַ לאַסט־אויטאָמאָביל. דער ווינט האָט אויף אַ רגע דערטראָגן אַהער, אין דער חורבה, דאָס גערויש נישט פון איינעם, נאָר פון עטלעכע מאָטאָרן.

— רואיק! — האָט איסער אַ ברום געטאָן, כאָטש קיינער האָט קיין ריר זיך נישט געגעבן פון אָרט.

ער האָט זיך צוגעשאַרט צום אַרויסגאַנג, צוגעלייגט דעם אויער און אויף די שפּיץ־פינגער זיך דערשלעפּט צו אַ שפּאַרונע.

— זיי פאָרן אוודאי פאַרביי, צום שאָסיי — האָט ער, אָנבויגנדיק זיך, איבערגעגעבן און ווייטער געבליבן שטיין, פרווונדיק כאַפּן מיטן צונויפגעקורטשעטן אויג כאָטש אַ שפּור פון די אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן שוין געזאָלט זיין דאָ נאָענט. אָבער חוץ דעם ווּסטן קאַראַהאָד פון ווינט און שניי האָט ער גאָרנישט געזען. עס האָט זיך געהערט, אַז אַרום איז שטיל געוואָרן, ווי די מאַשינען וואָלטן אויסגעריסן געוואָרן. איסער האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. פון זיין געמיט איז אָבער נעלם געוואָרן די זיכערקייט, אַז אַלץ וועט אַדורך כשורה. אויב ס'איז שטיל געוואָרן, איז אַ סימן, אַז אין געטאָ זיינען זיי שטיין געבליבן. איצט, ביי האַלבער נאַכט — הייסט עס...

ער האָט נישט באַוויזן אַרויסצוברענגען אין זכרון די סעריע פּאָגראָמען, וואָס האָבן מיט אַ צייט צוריק, נאַכט נאָך נאַכט, געריסן שטיקער פון דעם געטאָ, ווי אויף דער חורבה איז געפאַלן אַ מענגע מיט שאַרפע ליכט־שפּיזלען, וועלכע זיינען דורך אַלע לעכער דורכגעקראָכן. דער עולם האָט זיך אַ ריר געטאָן פון די ערטער. ווער ס'איז אין אַ ווינקל פאַרקראָכן, ווער ס'האָט זיך מיט בלינדן אימפּעט געלאָזט צום אַרויסגאַנג. ביי עמעצן האָט אַ צאַפּלדיקער „אוי" זיך אַרויסגעריסן.

— ציט זיך אויס — האָט איסער א רעווע געטאָן אזוי, אז אלע זיינען אזש געלייזמט געוואָרן. און אזוי איז מען שוין געבליבן, ביז דאָס ליכט האָט זיך אָפּגעקערט פון דער חורבה און באלויכטן א זייטיק שטיקל געמאָ.

— העלדן, האָבן שוין פולע מייטקעס...

איסערס חוזקן האָט קיינעם נישט באליידיקט. טאַקע אזוי — זיך דערשראָקן! א קלייניקייט, אַט כאַפּט מען דיך פּלוצעם אָן פאַרן האלדז, און דו ליגסט און ריר זיך נישט פון אָרט. יאָ, אָבער מיר זיינען דאָך שוין איצט מיט געווער, אַט באלד — און די געטאָ־גרענעץ וועט זיין אריבער־געשפּאַנט און דאַן... זיי גייען דאָך אליין אויף א לעבן, וואָס וועט אָן אויפהער פאַרפאָלגט זיין פונם שונאס פּראָזשעקטאָרן, קוילן, אַעראָ־פּלאַנען, שפּיאָנען, פאַרעטער. יאָ, דאָס וועט אָבער זיין שוין פון יענער זייט... דאָ איז דאָך געטאָ...

ווען אָבער פון דעם צווייטן עק געטאָ האָט זיך דערהערט א ווילדע ריטשערייע פון ס.ס.־לייט אויסגעמישט מיטן געוויין און גע־שריי פון פרויען און קינדער, ווען איין אויטאָמאַטן־סעריע נאָך דער צווייטער האָט פארהילכט דעם געוואַי פון ווינט און די קולות פון די געפייניקטע — האָט קיינער אין דער חורבה קיין איין איבעריקע באַ־וועגונג מער נישט געמאכט; מ׳האָט זיך איינגעגעסן אין איסערס פּנים, ווארטנדיק אויף זיין באַפעל, וואָס מוז דאָך באלד קומען. און דער באַ־פעל איז געקומען:

— פאַרשטיזאַנער, הערט מיין קאָמאַנדע! דאָס געווער — גרייט!...

# די לעצטע בריוו

— ווארט א מינוט!...

ס'איז שוין די העכסטע צייט ארויסצוגיין! יעדע מינוט דראָט ממש מיט א קאַטאַסטראָפע — מען דאַרף צוקומען צום זאַמל־פּלאַץ, ווו עס קלייבן זיך צונויף די ארבעטס־קאָלאָנעס, כל זמן דאָרט איז נאָך פול מיט מענטשן. אינם טומל וועט נישט קענטיק זיין די גרופּע פון פינף באוואָפנטע, וואָס דאַרף באַלד אויף אייביק פאַרלאָזן דאָס געטאָ. ראובן האָט אָבער אַזוי האסטיק אַלעמען אָפּגעשטעלט מיט זיין פּלוצעמדיקן „ווארט א מינוט!", אַז די איבעריקע זיינען שטיין געבליבן, ווי געפּלעפטע. מ'באַווייזט נאָך נישט פרעגן „וואָס איז דאָ?" — און ראובן האָט פון וואַנט אַראָפּגעריסן די פאָטאָגראַפיע פון זיין 6־יאָריק טעכטערל און האָט איילנדיק געכומען שרייבן אויף איר לינקער זייט:

„...כ'געזעגן זיך מיט דיר, מיין איינציקע. מער וועלן מיר זיך שוין קיינמאָל נישט זען...

ס'איז פּונקט דריי חדשים, ווי מען האָט דיך פון מיר אוועקגענומען און דערהרגעט. ווען די מערדער האָבן דיין מאַמע ביי אונדז ביידע צוגענומען, ביסטו מיר געבליבן. און נאָכדעם — אליין, איינער אליין... נאָך וואָס לעבן?

כ'געזעגן זיך מיט דיר איצט, מיין טעכטערל, און זאָג דיר: כ'וויל לעבן, כ'וויל גאָר, גאָר שטאַרק לעבן! כ'וויל, אַז מיינע הענט זאָלן דערפילן דעם טעם פון באַצאָלונג פאַר דיין מאַמען, פאַר דיר, מיין איינציקע, פאַר אונדזערע גוטע, ליבע פריינד, וואָס זיינען אַזויפיל ביי דיר, ביי מיר און ביי אונדז אַלעמען געווען. כ'געזעגן זיך מיט דיר, טעכטערל מיינס.

דיין טאַטע".

ראובן האָט א מינוט די אויגן צוגעמאַכט, ווי וועלנדיק זיך עפּעס דערמאָנען, און באַלד האסטיק ווייטער גענומען שרייבן.

„צום הער אַבוערליטעטאַנט שערמאַרק

זוכט מיך נישט, הער אַבוערליטעטאַנט. איר האָט מיך געהאַלטן פאַר אַן „אָנשטענדיקן יודע”. איך האָב שטיל געטראָגן די שווערע לאַסט פון אַ געטאָ־ייִד. כ׳האָב מײַן פראַצע אײַך אָפּגעגעבן, באַקומען אַלס געצאָלט זידלערייען, באַליידיקונגען, אָפּטמאָל קלעפּ. זייט וויסן, אַבוערליטעטאַנט שערמאַרק: ראובן הייבלום, דער יודע פון געטאָ, איז מער נישט פאַראַן! ס׳איז פאַראַן איצט דער פאַרטיזאַן, דער נקמה־נעמער, וואָס וועט פאַר יעדן טראָפּן אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט באַצאָלן, פילפאַך אײַך באַצאָלן... און ווילט איר דווקא מיך זוכן — איז ביטע שיין: אין אַלע אַרומיקע וועלדער בין איך פאַראַן. כ׳האָב מײַן סטאָליער־רישע זעג־און־הובל פאַרביטן אויף אַ ביקס, אויף דער ביקס, וואָס כ׳האָב בײַ אײַך צוגענומען. און אויב איר ווילט דווקא זיך באַגעגענען מיט מיר — איז ביטע שיין”.

ווען ראובן איז אַרויס אין גאַס האָט די לעצטע אַרבעטס־גרופּע זיך געריררט פון אָרט.

# אַ נאַכט אין וואַלד

גאָרנישט פון מידקייט האָבן ביי אַלעמען די פיס זיך גענומען מוראַ־דיק פּלאָנטערן. אויף יעדן נאָסלעכן בלעטל, וואָס איז וועמען געפאַלן אין פּנים, אויפן פאַרויסגעבויגענעם נאַקן, אָדער אויפן בגד בלויז — האָט דער צעפּרייעטער גוף געענטפערט מיט אַ פיבערדיקן ציטער און ס'האַרץ איז אויף אַ סעקונדע טויט געוואָרן.

דאָס איז געווען דער אָנקום פון שרעק.

במשך פון די אַלע מעת־לעתן פון שלייכן און גנבענען זיך פאַרביי פעלדער און דערפער, פאַרביי פאַרלאָזענע כוטאָרן און קוים מערקבאַרע פוסטריט אויף זייטיקע שטעגלעך, האָט האָס הייפל יידן, וואָס האָט איצט, אין דער חושכדיקער האַרבסט־נאַכט, געבלאָנקעט איבערן וואַלד, פון קיין שרעק נישט געוווּסט. ס'איז געווען אימפּעט בעתן „ציִען" פון אַ געדאַכטער געפאַר; ס'איז געווען מידער יאוש, ווען מיטן ביסל סם אין האַנט האָט זיך געדוכט, אַז שוין, אַן עק — דער שונא איז לעבן דיר און כאַפּט דיך אָן גלייך ביים האַלדז. קיין שרעק איז אָבער נישט געווען.

געקומען איז זי, די שרעק, דאָ, אינם געדיכטן וואַלד, פונם בלויזן געדאַנק, אַז ווייטער גיין איז שוין נישטאָ ווו. געקומען איז זי דאָ, ווען צווישן דער מאַסע טונקעלע אָלכעס האָט אַ בלענד געטאָן די ווייסקייט פון אַ בעריאָזע, ווען פון ערגעץ ווו האָבן אַ פאָרכט געטאָן פליגל פון אַ ראָב, וואָס האָט אין דרימל דערשפּירט די נאָענטקייט פון מענטשן. און וואָס טיפער אין דער וואַלד־פינצטערניש, אַלץ אָפטער פלעגט מען שטיין בלייבן, ווי לויט אַ קאָמאַנדע, מיט אָנגעשטרענגטע אויערן, כדי גאָרנישט צו דערהערן און באַלד ווייטער גיין.

אַראָפּגעלאָזט און אויסגעצויגן אויף דער ערד האָט מען זיך אויך אַלע צוזאַמען, ווי לויט אַ קאָמאַנדע. אַלעמענס הערצער האָבן אויפגע־

הערט צו קלאַפּן. דעם אַנגעגליטן אַטעם האָט מען איינגעגראָבן אין דעם נאַסן מאָך, וועלכער האָט צוריקגעענטפערט מיט לעבלעכער וואַרעמקייט. און אַזוי איז מען ליגן געבליבן, ביז דער אָפּקלאַנג פון שווערע טריט ערגעץ אין דער נאָענט איז אינגאַנצן פאַרביי. אויף דעם זעלבן אָרט איז מען שוין געבליבן ליגן. מ׳האָט זיך ענגער צוגערוקט איינער צום צווייטן — ווער ס׳האָט וועמען א פלייצע צוגעדעקט, און ווער ס׳איז מיט א מידן, שווערן קאָפּ געפאַלן אויף דעם שכנס צופוסנס.

ערשט דאַן האָט ביסלעכווייז גענומען עקבערן חרטה, פאַר וואָס מ׳האָט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט, וועלכע מען זוכט שוין אייגנטלעך גאַנצע מעת־לעתן. וואָרים ווער קאָן דען בייטאָג שטעלן אַזעלכע פעסטע טריט אינם געדיכטן וואַלד, אויב טישט די אייגענע, די געזוכטע און געוואַרטע? איז דאָך דאָס אין גאַנצן געווען די איינציקע חכמה, וועלכע מען פלעגט א צענדליק מאָל און שטענדיק מיט הנאה איבערחזרן: „צווישן די דייטשן מיט די וואַלד־מענטשן איז פאַראַן אַן אָפּמאַך — דער טאָג געהערט די דייטשן, די נאַכט — די פּאַרטיזאַנער". ווען דייטשן פלעגן אוועק לויערן ביינאַכט, האָט מען געוווּסט, אַז כדי צו דערשטיקן דעם אייגענעם פּחד האָבן זיי, די דייטשן, אויפגעהויבן אַזא געפילדער, אַז קילאָמעטערס ווייט איז מען געווען געוואָרנט.

און דאָך איז דער דראָבנער ציטער אויף קיין רגע נישט אָפּגעטראָטן פון קיינעמס קערפּער. ס׳איז געווען די שרעק פאַר דעם, וואָס איז איין מעטער ווייטער פון דער עדה יידן; פאַר דער פרעמדקייט פון די אַלע גרויסע און קליינע ביימער אַרום; פאַר דער שווידערלעכסטער איינזאַמקייט, ווען ס׳באַגלייט דיך שוין מער גאָרנישט, אַפילו נישט קיין טויט־געפאַר...

די דאָזיקע שרעק האָט עס דעם הייפל יידן ווידער פונם אָרט אויפגעהויבן און באַפוילן זיי ווייטער גיין, שפּאַנען איבערן אימהדיקן, ווילדן וואַלד, נישט ווויסנדיק וווהין עס וועט זיי דערפירן.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

פאַרקייכט, ווי א פּנים־אל־פּנימדיק אויטאָמאַטן־שיסעריי, איז געווען דאָס שרייענדיקע פרעגן און ענטפערן בעתן פלוצעמדיקן אָנשטויסן זיך אויף א פּאַטרול:

— שטיין... ווער גייט?... פּאַראָל!...

— מיר... יידן זיינען מיר...

— ציט זיך אויס... טויט בלייבט... ס׳עט קומען דער עלטסטער, ט׳מען זיך פונאַנדערקלייבן...

איז מען ווידער געלעגן און ווידער איינגעגראָבן דעם אָנגעגליטן אָטעם אין דעם פּיכטן, בלאָטיקן גראָז. און דעם קאָפּ האָט מען אפילו נישט אויפגעהויבן דאן, ווען לעבן זיך האָט מען דערשפּירט דעם אָנגעבויגענעם פּאטרול, וועלכער האָט אזוי מענטשלעך־ווארעם געבעטן:

— גיב א שאר, ברודערקע, די קעשענע, אפשר ט'זיך אויסטרייסלען א זשארקע טאבאק...

א טויטע מידקייט האָט זיך צעגאָסן איבער די גלידער. באלד איז מען אריינגעפאלן אין א הינערפלעט, וואָס האָט אלעמען פון אלץ באַפרייט. ס'איז אנטרונען די שרעק. געבליבן איז דער פּאטרול, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום טויבן ארום און צום זאָרגלאָזן כראָפּען פון א הייפל יידן, וואָס האָט נאָך וואָגלען און זוכן געפונען ווירקלעכע רו.

# דווקא ביי דער געטאָ

דער ערשטער איז פון דער קאַמפּס־דריי אַרויסגעפאַלן לייבל צוקערמאַן. דעם שונאס אַ דום־דום־קויל האָט אים געטראָפן אין דער רעכטער האַנט. נאָכדעם איז אומגעקומען יצחק באַטווינניק. ער האָט באַגלייט אַ ניי־געקומענע גרופּע פּאַרטיזאַנער פון געטאָ. ס'האָט געזאָלט פון זיי געשאַפן ווערן אַ נייער פּאַרטיזאַנישער אָפּטייל אויף קאָנאַנאָוויטשעס נאָמען. ווען דער שונא איז אויף דער גרופּע אָנגעפאַלן, האָט יצחק באַטווינניק די מענטשן באַשיצט, געגעבן זיי אַ מעגלעכקייט אָפּצוטרעטן. פון זיין אויטאָמאַט (וועלכן ער האָט אַליין געהאַט צונויפגעשטעלט פון טיילן און טיילעכלעך, געזאַמלטע אין משך פון חדשים) האָט ער געלאָזט איין קוילן־סעריע נאָך דער צווייטער. ער שיסט אָן אויפהער, אפילו ווען ער ליגט שוין אַ פאַרוווּנדעטער אויף דער ערד. די לעצטע קויל האָט ער איינגעהיט פאַר זיך אַליין. ווי געוויינלעך, ביי פּאַרטיזאַנער.

איז נחום גאָלדזאַק געבליבן אַליין מיט זיין פּלאַן, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז צוזאַמען דאַרף מען אַוועק צו דעם געטאָ און דאָרט, דווקא דאָרט, פירן די דיווערסיע־אַרבעט. ס'איז ביי אים נישט געווען קיין קאַפּריז — ס'איז געווען אַן אינערלעכע באַדערפעניש צו שעדיקן דעם היטלער־שונא דאָרט, וווּ ער האָט געוואָלט אויסראָטן אַלע יידן. און נאָך איינס: זאָלן די אויפרייס־קנאַלן צוגעבן מוט די געבליבענע אין געטאָ און זיין פאַר זיי אַ סיגנאַל, זיי זאָלן אַרויס פון די צווימען און זיך נעמען אויספילן דעם גרויסן גערעכטיקייטס־אַקט: — נקמה!

ווען דער קאָמאַנדיר פונעם פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל האָט באַשטימט נחומען אַלס עלטסטן פון אַן אויפרייס־גרופּע, האָט נחום באַשלאָסן: ס'איז געקומען די העכסטע צייט צו פאַרווירקלעכן יצחק באַטווינניקס, לייבל צוקערמאַנס און זיין, נחומס טרוים.

אין זיין דיווערסיע־גרופּע האָט ער אריינגענומען ציליען, וועלכע האָט באוויזן זעקס מאָל דורכצושפּאַנען פון וואלד אין געטאָ און צו־ריק מיט וויכטיקע אויפטראגן פונם אַפּטייל. אין דער גרופּע האָט ער אויך גענומען דעם יונגן ווייסרוס וויטקע רודאַוויטש. זיינע עלטערן האָבן געוווינט אין שכנות מיט דעם געטאָ. צו דער גרופּע איז אויך צוגעשטאנען דער זינגער פונם אַפּטייל נחום עליע. (געווען איז הונגער אין וואלד, געווען איז קעלט, און אַרום האָט געלויערט דער שונא — פלעגט מען אין א מי־נוט פון אָפּרו זיך צונויפזאמלען אין אן ערד־הייל, און נחום־עליע פלעגט „ליאַנען" שלום־עליכמען, פּרצן. א זכרון האָט ער געהאט אן אייזערנעם, אָט דער געוועזענער מירער ישיבה־בחור און שפּעטערדיקער רעוואָלוציאָ־נער. פלעגט זיך נחום־עליע נאָר באוויזן אין א פויערישער כאטע, פלעגט זיך גלייך דאָס גאנצע דאָרף צונויפקומען. אלע האָבן שוין געוווסט: ס'וועט שוין זיין דער אמתער קאָנצערט). צוזאמען איז מען אוועק, אזוי ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט. אויפן טאָטערישן בית־עולם, נישט ווייט פון דעם געטאָ, האָט די גרופּע זיך אָפּגעשטעלט, ציליע איז אוועק אין אויס־שפּיר, און ס'איז געבליבן: א „קוועטש טאָן" אין סאמע פילבאָרסטן אָרט — ביים סעמאפאָר.

...אין יענער נאכט, ווען פון נחומס מינע זיינען פון די אייזנבאַן־רעלסן אראָפּ פערציק וואגאָנעס מיטן שונאס טאנקען, איז אין געטאָ מער קיינער נישט געשלאָפן. מענטשן, וואָס זיינען שפּעטער אין וואלד גע־קומען האָבן דערציילט: דאָס איז געווען איינע פון די זעלטן גליקלעכע נעכט פאר די געפאנגענע פון דעם געטאָ.

א שטיקל צייט אָפּגערוט, איז נחומס אויפרייס־גרופּע ווידער אוועק אין דער זעלבער ריכטונג און ווידער האָבן זיי א קילאָמעטער פאר דעם געטאָ געפּטרט צען וואגאָנעס. דער אויסשפּיר האָט גענוי איבערגעגעבן דעם רעזולטאט: 54 געהרגעטע און 40 שווער פארוונדעטע היטלעריסטן. חוץ דעם איז אויף די רעלסן געבליבן א גרויסער בארג פון צעבראָכע־נער זעניט־ארטילעריע און סאפּער־געצייג.

א דריט מאָל איז די גרופּע אוועק אויף א ריזיקאלישן שריט (בא פארטיזאנישע אויפרייסלער איז ריזיקאלישקייט א צווייטע נאטור) — אינמיטן העלן טאָג זיינען זיי מיט א פור אריינגעפאָרן אין שטאט אריין. זיי האָבן אָנגעלאָדן דעם וואָגן מיט היי, קארטאָפל, עטלעכע עופות, איי־ער. אין די קארטאָפל האָט מען באהאלטן דעם אויפרייס־מאטעריאל. גראָד טרעפט צום שלימאזל, אז אינמיטן וועג האָט זיך דאָס פערד אויס־

געשפאנט. פארבייפארנדיקע היטלעריסטן מאכן קולות מ׳זאל זיי דעם וועג נישט פארשפארן. אלץ הענגט אויף א האר. אָבער, ווי געזאָגט, מי־נירעך האָבן ליב א שפיל צו טאָן מיטן טייוול גופא, און דווקא אין זיין אייגענער מליכה. מ׳איז פארפאָרן צום בית־עלם. ביי וויטקעס רודאָוויטשעס באַקאַנטע האָט מען אביסל אָפּגערוהט, און מען איז באַנייס אוועק צו דער ארבעט.

דער קראך פון דעם באַן־אויפרייס אין יענער נאכט האָט די היט־לעריסטן אריינגעבראכט אין א באזונדער צאָרן. גראָד דאן האָבן אנ־דערע נקמה־נעמער געפּטרט דעם היטלערישן הויפּט־הענקער פון דער געגנט. נחום האָט אָבער וועגן דעם נישט געוווסט. און וויבאלד אזארט — איז ביזן סוף: גלייך נאכן אויפרייס שיקט ער אוועק ציליען מיט וויטקען אין געטא דורכפירן אלץ, וואָס איז נייטיק פארן אָפּטייל און מיט־נעמען מיט זיך אין וואלד נייע מענטשן. צוזאָרגנס איינדערפרי — די געטא איז ארומגעריגלט פון אלע זייטן מיט פּאָליציי און זשאנדאר־מעריע. די פארטיזאנער האָבן אָבער באוויזן זייערס צו דערליידיקן און זיך אומקערן אין וואלד.

# דער געלער מילנער

צווישן זיך פלעגן מיר אים אין געטאָ רופן „דער געלער מילנער". געוווּסט האָבן מיר, אַז דאָס איז אַ ייִד ערגעץ פון אַ קליין שטעטל, וועלכער איז ממש פון דער גרוב אַנטלאָפן און איז געקומען צו אונדז „יאַק סטאָי". אַז ער איז אַ געלער געווען, האָט מען זיך געקענט משער זיין פון די עטלעכע געלע פעדים, וואָס האָבן זיך דורכגעוואָרפן אין זיין אַש־גרויער באָרד. אַז ער זאָל האָבן אַ מילנער געווען, האָט קיינער נישט געוווּסט. זיינע געדיכטע ברעמען, וואָס פלעגן פאַרשטעלן די גרינ־לעכע אויגן, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן שטענדיק מיט ראַזעווע מעל געווען באַשיט. וויאַזוי ער האָט אונדז, אונטערערדישער, אויסגעפונען, האָט קיינער נישט געוווּסט. ער פלעגט נאָכגיין אונדזערע פוסטריט, דער־קלייבן זיך צו יענע מקומות, ווו ס'פלעגן זיך צונויפקומען די אַלע, וואָס פלעגן אַוועקגיין צו די פּאַרטיזאַנער, זיך אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל און שווייגן. מיט אָט דעם דאָזיקן עקשנותדיקן שווייגן האָט ער זיינס אויסגעפירט. מיר האָבן אים מיט איינער פון די ערשטע גרופּעס אָפּגעשיקט אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל.

מיר האָבן שוין לאַנג וועגן „געלן מילנער" געהאַט פאַרגעסן. ערשט אין איינעם אַ בריוול פון וואַלד שרייבט מען אונדז: „אַ גרוס אייך פון „געלן מילנער" (ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך ביי די פּאַרטיזאַנער האָט מען אים אַזוי גערופן). ער איז ריידעוודיק געוואָרן. שיקט וואָס מער אַזעלכע יאַטן".

— אַ שיינער יאַט — טראַכטן מיר זיך בעת־מעשה. — דער ייִד האָט אַוודאי אייניקלעך איבערגעלאָזן אין דעם גרוב ביי זיין היים־שטעטל...

דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטייל, צו וועלכן ס'האָט געהערט דער „גע־לער מילנער", איז ביי רודינסק באַפאַלן געוואָרן פון אַ היטלערישער

שמראָד־טייל — פון א 700 אָפּגעקליבענע באַנדיטן. דער פּאַרטיזאַני־שער אָפּטייל האָט פאַרנומען א פּאַרטיידיקונגס־ליניע. דער „געלער מיל־נער" האָט זיך אויסגעצייגן לעבן א סאָסנע, ארויסגעלייגט די קוילן, אַנגעלאָדן די ביקס און גענומען ציילן:

— אָט דאָס האָסטו דיר, מערדער, פאַר מיין געטרייער פרוי שרה עליה־השלום, — און א היטלער־יונג איז געבליבן ליגן רעכטס פון מיל־נערס סאָסנע.

— און אָט איז פאַר דיר, מיין עלטסטע טאָכטער חנה, — און ווידער איז א מערדער געבליבן ליגן.

— פאַר מיין זון, פאַר נתנען, ווי איז מיר...

— פאַר לאהן... פאַר עטלען... פאַר ביילמשען...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דריי מאָל האָט דער „געלער מילנער" איבערגעלאָדן זיין ביקס (קליינשטעטלדיקע יידן, ווי באַוווסט, האָבן געהאַט גרויסע משפחות), ער זעט גאָרנישט, וואָס ארום טוט זיך, ער זוכט בלויז יעדעס מאָל א נייעם ציל, און ער שיסט און טרעפט.

דער „געלער מילנער" פילט, אז עמעצער שלעפּט אים פאַרן פוס.

— געלער! — שרייט צו אים, אַזש רויט ווערנדיק, זיין אָפּטייל־קאָמאַנדיר, — קריך אָפּ אויף אַלע פיר צוריק, אז נישט וועסטו באַלד בלייבן. פאַראַן א באַפעל — אָפּגיין!

— וואַרט א מינוט! — און דער געלער פאַרעט זיך שוין ווייטער ביי זיין ביקס, באַווייזט א פערט מאָל זי אַנלאָדן און ארויספּליטערן, שיכּורדיק זיין קויל אין 16־טן פאַשיסט:

— דאָס איז לכבוד דיר, צו לאַנגע לעבעדיקע יאָר, קאָמאַנדיר אי־בער אַלע קאָמאַנדירן חבר סטאַלין...

„...פון דאַן אָן, — ווערט געזאָגט אין דעם בריוועלע פון וואַלד, — איז דער „געלער מילנער" ריידעוודיק געוואָרן".

# דער אויסגעגליכטער חשבון

ישראל פּאָגאָרעליץ האָט פּאַרזיכטיק אָנגעכאַפּט זײַן קאָמאַנדיר דאַכנאָ פאַרן אָרבל און שטיל, אָבער אַנטשיידן־באַפעליקעריש, אים אַרײַנגערוימט אַזוי, אַז די אַרומיקע זאָלן נישט באַמערקן:

— גענוג, קאָמאַנדיר; מיר קענען נישט די מענטשן. פאַראַן דאָך שונאים אַרום...

דאַכנאָ האָט אַפילו קיין בליק נישט געגעבן אין ישראלס זײַט. מיט אויף צו להכעיס־דיקן גרייזגשעצן האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע, פאַרייסן דעם קאָפּ מיט דער גרויסער, ווייסער פּאַפּאַכע צו דער סטעליע און אַזוי געבליבן אַ רגע זיצן. באַלד האָט ער מיט ביידע הענט אַרומגענומען דאָס גלאָז בראָנפן און, נישט איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, עס אַראָפּגעלאָזט אין האַלדז. פאַרקייט מיט אַ שטיקל ציבעלע, האָט ער ווידער פאַרייסן דעם קאָפּ און שוין געבליבן אַזוי זיצן, ביז די אויגן האָבן זיך אים געגומען קלעפּן. פּלוצעם, ווי ער זאָל זיך האָבן דערמאָנט עפּעס גאָר נויטיקס, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו ישראלן, אָנגעשטעלט אויף אים זײַנע גרינלעכע אויגן און, אין אויסגעשעפּטער פון גרויס אָנשטרענגונג, גענומען הייזעריק אונטערביכיקען:

— סטראַשעסט קלײַנע קינדער... שונאים אַרום...

אַ ציטקאָכטער האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אויף און סטערטשענדיק מיט דער האַנט אין ישראלס ברוסט מיט רוגזה אויסגעשריגן:

— אָט איז דער שונא, דו! דו!...

ישראל האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום פּיסטאָלעט, באַלד אָבער צוריק פאַרשפּיליעט דאָס שיידל און פּאַמעלעך אָפּגעשטויסן פון זיך דאַכנאָען, וועלכער האָט זיך אײַנגעגנצן נישט געוועדט.

די באַלעבאַטים פון דער דאָרפישער כאַטע האָבן אין פּחד זיך צונויפגעדריקט אַרום דעם גרויסן אויוון, וואַרטנדיק אַז אַ ליאַדע מינוט

וועט זיך דאָ אָנהויבן אַ שיסעריי. ישׂראל האָט זיי באַפוילן טאָן זייער אַרבעט, ווייל: „אַט וועלן מיר אַביסל אָפּרוען און גיין זיך אונדזער וועג".

אין אויסגעלאָשענער האָט דאַכנאָ אָנגעשטעלט די פּאַרגליווטע אויגן אויף ישׂראלן און שוין גוטמוטיק צו אים צוגעשטאַנען:

— אַ סוף, פּאַהאָרעלטשיק, אַ סוף. לאָמיר בעסער אויסטרינקען אויף ברודערשאַפט. אפשר וועט מאָרגן שוין נישט אויסקומען...

ישׂראל האָט אָנגעגאָסן צוויי קעלישקעס און אָן אַ וואָרט צו זאָגן גענומען זיינעם צו די ליפּן.

— וואָרט אַ ווײַלע — האָט דאַכנאָ אים אָפּגעשטעלט: מיינסט דאָך עס נישט אויף אַן אמת...

— פאַרוואָס, קאָמאַנדיר?

דאַכנאָ האָט צוריק אַוועקגעשטעלט זיין קעלישעקל:

— ביטרע זייט איר, ייִדן. מיך אָבער וועט איר נישט איבערכיטרעווען. אויב אויף ברודערשאַפט — טאָ זאָג: פאַרוואָס האָט ליובשטיין מיט מיר נישט געוואָלט גיין? אהז פאַר וואָס האָט שאַפּראַן אַזוי לאַנג אַריינגעטענהט אינם קאָמיסאַר און סוף־כּל־סוף אַוועק מיט פּעטשאָרעס גרופּע, האַ? און דו, פאַרוואָס ביסטו גראָד מיט מיר געגאַנגען?

ישׂראל האָט אָנגעמאַרשטשעט דעם שטערן. די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן ווירקלעך אויסגעמיטן דאַכנאָען. אים נישט ליב געהאַט. און ער אַליין, פּאָגאָרעליץ, איז גראָד צו אים געגאַנגען, כּדי צו באַווייזן דעם עולם, אַז זיי זיינען אומגערעכט, און מיט דאַכנאָען קאָן מען אויפֿטאָן נישט ערגער ווי מיט אַנדערע קאָמאַנדירן. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט דאַכנאָס חושד זיין אים, אַז ער איז זיין שונא?!

— מאַך זיך נישט תמעוואַטע. וועסט אפשר זאָגן, אַז די ווייסט אפילו נישט ווער איך בין?

— וואָס הייסט? — האָט חידושדיק ישׂראל געפרעגט: אַוודאי, ווייס איך. ביסט דער קאָמאַנדיר פון דער פערטער דיווערסיע־אָפּטיילונג, וועלכע האָט שוין זעקס דייטשישע צוגן צעשמעטערט און קלייבסט זיך היינט אויפֿן זיבעטן...

— נו, אַ סוף — איז דאַכנאָ מיט רוגזה אַריינגעפאַלן אים אין די רייד — פאַרהיד מיר נישט די ציין. די ווייסט גוט די מעשׂה מיטן נאָכגעמאַכטן „ד", וואָס האָט פון מיר, דעם באַטקע מאַכנאָס לייבלעך אייניקל, געמאַכט אַן אומבאַוווּסטן דאַכנאָ. פאַר מיין זיידנס זינד האָט איר מיך פיינט און דיך האָבן די דייניקע געשיקט דו זאָלסט מיך פּטרן...

ישראל האָט אַליין נישט געפֿילט, ווי ער האָט זיך פֿון דאָכנאָען אָפּגערוקט. מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן האָט ער אָנגעקוקט זיין קאָמאַנדיר, ווי ער וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען. און דערזען האָט ער אַ פּנים, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעגאָסן אַי וויי, אַי פּאַרדרוס. דאָכנאָ האָט דערווייטערט פֿון זיך דאָס קעלישעקל, וואָס האָט זיך געהוידעט אויפֿן טיש מיטן ציטער פֿון זיינע נערוועזע הענט און, שוין נישט צו ישראלן, צו זיך אַליין געטענהט:

—א לעבן לאַנג ווי איך אַנטלויף פֿון זיידנס געדעכעניש. דאָס הייימישע דאָרף, וואָס כ'האָב אַלס קינד צוזאַמען מיט די עלטערן פֿאַרלאָזן, האָב איך נאָך ביז היינט נישט געזען. און דאָ, גראָד דאָ, ווו אונדזערע לעבנס האָבן הענגען וועלבן ווערט, פֿאַרפֿאָלגט איר מיך... ניין, כ'וועל נישט צאָלן פֿאַר דעם באַטקע, הערסט, ייד!

— וועסט צאָלן, וועסט צאָלן, קאָמאַנדיר, — האָט ישראל הייס געפּליסטערט ביים סאַמע אויער דאָכנאָס: וועסט צאָלן נישט מיט זיבן, נאָר מיט זיבן מאָל זיבן צוגן פֿון אונדזער ביידנס שונא. און, איך, דער ייד ישראל פּאָגאָרעליץ, וועל דיר דערין העלפֿן און ס'וועט זיין קוויט...

אָן אַ וואָרט צו זאָגן האָבן ביידע אויסגעליידיקט די קעלישקעס און גענומען וועקן דעם איבעריקן עולם פּאַרטיזאַנער זיך גרייטן אין וועג אריין.

* * *

פרימאָרגן־צייט, בעת דער גאַנצער אָפּטייל ווערט אויסגעשטעלט צום ראַפּאָרט, קומט געוויינליך אויס צו שלעפֿן אַ סך פֿאַר די פּיס פֿון די אָנגעוואָרעמטע געלעגערס אַראָפּ. דאָס מאָל איז קיינער שוין אין די ערד־היילן נישט געווען. די ידיעה איז אָנגעקומען ביינאַכט, און קיינער האָט שוין קיין רו נישט געפֿונען.

פֿאַרן קאָמאַנדיר פֿונעם אָפּטייל, פֿאַר אַלע אין רייען אויסגעשטעלטע פּאַרטיזאַנער האָט ישראל ראַפּאָרטירט:

— די דיווערסיע־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפֿירונג פֿונם קאָמאַנדיר אַלעקסאַנדער דאָכנאָ האָט פֿאַרניכטעט דעם שונאס אַ צוג מיט פֿיר און צוואַנציק וואַגאָנעס באַוואָפֿענונג. בעתן שיצן זיין אָפּטייל און דערמעגלעכן אים זיכער אָפּצוטרעטן, און דער עיקר ביים אָפּשלאָגן פֿון

שונאס ארומרינגלונג דעם פארטיזאַן ישראל פּאַגאַרעליץ, איז מיט א העלדן טויט געפאלן דער קאָמאנדיר אלעקסאנדער דאכנאַ, — וואָס זיין אמתער פאמיליע־נאָמען איז געווען מאכנאָ.

נאָכדעם איז געקומען א ווארעם וואָרט פונם קאָמיסאר און צום סוף דער באפעל, אז דער פארטיזאנער ישראל פּאַגאַרעליץ ווערט באַשטימט אלס קאָמאנדיר פון דער פערטער דיווערסיע־גרופּע אויפן נאָמען פונם העלדישן קאָמאנדיר אלעקסאנדער מאכנאָ.

# דער קאָנצערט

דרייסיק יאָר האָט כיל אַרנשטאַם אָפּגעלעבט אויף דער וועלט, זי אויסגעריזט אין דער לענג און אין דער ברייט, און נישט באַמערקט דערביי אייִן קליינזיקייט: כדי אָנצוציִען אַ כאָמוט אויף אַ פערדישן האַלדז דאַרף מען איִם, דעם כאָמוט, פריִער אויסדרייִען מיטן קאָפּ אַראָפּ און נאָכדעם איִם ערשט גלייכשטעלן.

שטייט כיל און שלעפט מיט כוח, מיט פאַרביסנקייט דעם כאָמוט, און אַן עולם פּאַרטיזאַנער אַרום פאַרגייט זיך אין אַש און אַלץ גרעסערן חוזק־געלעכטער. שוין נישט קיין שטענדווערטלעך — שטיקער פּאַרפירעניער שנייִ הויבן אָן צו פליִען אין איִם. זיי ציִריִצן נאָך מער דאָס פערד, וואָס הויבט אָן צו בריקן מיט די פיס און רייסן די מאָרדע אויף אויבן, אַז כילס הענט קאָנען זי שוין נישט דערגרייכן. כיל איז גרייט אויסצולאָזן די אָנגעזאַמלטע רציחה אויפן ערשטן בעסטן, וואָס וועט זיך נאָענט צורוקן.

איז עס געראָד געווען דער גוטמוטיקער יאַנוק, דער נומער צוויי פונם קוילנוואַרפער אין זיין אָפּטיילונג. האָט זיך כילס כעס געגומען בילעכווייז פונאַנדערגיין, און געבליבן איז דאָס געפיל פון פולשטענדיקער אָנמאַכט.

דאַן האָט יאַנוק אומבאַמערקטערהייט, מיט אייִן האַנט בלויז, איבערגעדרייט דעם כאָמוט, איִם סטאַטנע אָוועקגעזעצט אויפן פערדישן האַלדז און פונקט אַזוי אומבאַמערקט זיך אויסגעמישט מיטן עולם, וואָס וואָלט נאָך שעהנווייז געשטאַנען און הנאה געהאַט פון כילס פאַרצווייפלונג.

ווען כיל איז אַריין אין דער שטאַב־הייל מעלדן, אַז דער שליטן איז גרייט אין וועג אַריין, האָט ער דאָרט געטראָפן אַלע אָפּטיילונג־קאָמאַנ־

דירן. נאך איידער דער שטאב־שעה האט באוויזן צו הייסן אים זיך אפּ־טראָגן, זייענען צו אים דערגאַנגען דעם קאָמיסאַרס עטלעכע ווערטער, וועלכע האָבן אים אינגאנצן אויפגעטרייסלט:

— דער עיקר איז הארמאָניע — אָן אַמתער קאָנצערט! איינער הויבט אָן — די איבעריקע העלפן צו...

כיל האָט נישט אויסגעהאַלטן, און קעגן אַלע כללים פון פּאַרטיזאַ־נישער דיסציפּלין האָט ער אויך אַ זאָג געטאָן:

— חבר קאָמיסאַר, כ'בין אַ מוזיקער פון פאך, פרעגט מיך...

מיט אַ געלעכטער, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַקט אין די טויבע ער־דענע ווענט פון דער הייל, האָבן אַלע געוואונדערט זייערע פּנימער אין כילס זייט. עמעץ האָט נאָך דערביי צוגעוואָרפן, אַז „מסתמא אַזאַ מו־זיקער, ווי אַ שמייסער", און כיל איז שנעל אַרויס פון דער שטאַב־הייל...

זינט כיל איז געקומען אינם פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל באַגלייט אים כסדר איין דורכפאַל נאָכן צווייטן. יעדער איינער פון זיינע געטאָ־חברים האָט זיך דאָ איינגעלעבט, זיך פּלאַץ געקריגן, און נאָר ער, צו וואָס ער זאָל זיך נישט נעמען — גייט עס נישט. ס'איז שוין אַזוי דערגאַנגען, אַז די פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע ער איז אין איין הייל, מיידן אים אויס, האַלטנדיק אים פאַר אַ לאָ יוצלח און גרויסהאַלטער. בלויז איין יאַנוק ווייזט אים אַרויס אַ ביסל דרך־ארץ, איז דאָס אויך מסתמא פון רחמנות וועגן.

געווען אַ פאַל, ווען זיין אָפּטיילונג האָט אַרומגערינגלט אַ דאָרף, וו עס האָט זיך איינגענעסטעט אַ פּאָליציי־פּאָסט. אַריין אין דאָרף, האָט מען זיך געוואָרפן אויף דער פּאָליציי־געביידע, געפּטרט דאָס ביסל יונגים, וואָס האָט נישט באוויזן נעלם צו ווערן, און נאָכדעם זיך געלאָזט איבער די כאַטעס זוכן באַהאַלטענע. כיל איז אַריין אין אַ שטוב, וואָס האָט אין פאַרגלייך מיט די דאָרפישע כאַטעס אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ. אַ רגע איז ער געבליבן געפּלעפט און אפילו נישט באַמערקט די אַלטע פּריצטע, וואָס האָט מיט מרייסלענדיקע ליפּן אין איין שרעק געמורמלט אַ תפילה. ער האָט אויך נישט באַמערקט דאָס יונגע מיידל, וואָס האָט זיך איינגעקלאַמערט אין דער אַלטער, ווי עמעץ וואָלט זיך געוואָלט אָפּרייסן פון דאַנעט. כיל האָט דערזען אין אַ ווינקל אַ קלאַוויר. און מיטן אויסגעשטרעקטן פּיסטאָלעט אין דער האַנט האָט ער זיך אַהין געוואָרפן. ערשט איצט האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דערזען דאָס יונגע מיידל, האָט ער איז שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איר ווערט דערלויבן?

יענע האָט פון אומגעריכטיקייט נישט געקאָנט א וואָרט ארויסבאַקומען. כיל האָט פּאַרזיכטיק אויפגעעפנט דעם קלאַוויר־דעק און א פּירגעטאָן מיט די הענט איבער די קלאַווישן. באלד איז דאָס צימער פול געוואָרן מיט קלאַנגען, אויף וועלכע ס'האָט גענומען אָנוואַקסן א ליד, וואָס אָט טראָגט עס ברויזנדיקן כעס, אָט ווערט עס מילד־גלעטנדיק, כדי באַלד איבערצוגיין אין א ווייגעשריי, און א דראָענדיקן רוף...

כיל האָט פּלוצעם דערפילט, ווי עמעץ שלעפּט אים פארן אויטאָמאַט. מיט דולע אויגן האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם שלאָס, גרייט צו לאָזן א קוילן־סעריע. ער האָט דערקענט יאַנוקן און ס'האָט ביסלעכווייז גענומען דערגיין צו אים דאָס ווייכע מוסרן, אז „ס'נישט די צייט", אז, פּאָליציייען זיינען דאָ פארשטעקט", אז ער וועט נאָך „קאָנצערטעווען" אויך.

כילס פיס זיינען געווען אָנגעגאָסן, ווי מיט בליי. אלץ אין אים האָט געפיבערט. לאַנג איז ער צוריקוועגס געגאַנגען, נישט אויסריידנדיק קיין איין וואָרט. ווען ער איז ווייט אָפּגעשטאַנען פון זיין גרופּע, האָט אים יאַנוק אָפּגעוואַרט, און ערשט דאָ האָט כיל זיך צערעדט פאַר אַלע שווייגנדיקע יאָרן פון געטאָ און וואַלד. און יאַנוק האָט געהערט, בלויז פון מאָל צו מאָל וואָרענענדיק: „פּאָרזיכטיק, א גרוב".

— ...אזוי איז דאָס אויך אפילו איצט. אין אלץ וואָס ארום אונדז איז דאָ מוזיק, איז דאָ קלאַנג, וואָס עס טיילט פון זיך ארויס סיי דער אמת, סיי די אָפּנאַרעריי. געדענקסט, מ'האָט מיך פאר א משוגענעם געהאַלטן, ווען כ'האָב אין יענער נאַכט, בעת איבער אונדזער לאַגער האָט זיך דערהערט דאָס ווייטע רוישן פון אן אעראָפּלאַן־מאָטאָר, געשריגן, מען זאָל א ראַקעטע געבן. ס'איז געווען אַן אונדזעריער! טויזנט מאָל אונדזעריער! אזוינע קלאַנגען קאָן ארויסגעבן אַן אינסטרומענט בלויז אין איידעלע הענט און פון אן ערלעך הארץ. צי דערקענען מיר דען נישט אין דער אויטאָמאַטן־סעריע פון שונא דאָס ריטשען פון א שאקאל, ווען יעדער אונדזער שאָס איז א האַרמאָנישער אָפּקלאַנג פון א קלאַוויש־דרוק. אָ, מען דאַרף האָבן אן אויער און אויפכאַפּן און דערהערן דעם אמת אין קלאַנג! צי איז דען נישט דער זין אפילו פון אונדזער היינטיקער „אָפּעראַציע" די שטרעבונג צו האַרמאָניע, עס זאָלן אין אונדזער לעבן קיין פרעמדע קלאַנגען זיך נישט אריינכאַפּן?

— ...מ'האָט אונדזער שטעטל יידן צום באַן געפירט. צו דער „אויסזידלונג" האָט עס געהייסן. אונדז, מוזיקאַנטן, האָט מען בראש געשטעלט און געהייסן שפּילן. א פריילעכס זאָלן מיר שפּילן. און מיר

האָבן געשפּילט... און אַ סך האָבן עס דערפילט... נאָך ווי דערפילט!... זעסט דאָך — אַפילו דעם וועג אַהער געטראָפן...

— ס'איז דער כּוח פון קלאַנג, פון עכטן, פון אמתן... און פעסטער זײַנען געוואָרן כּילס און יאַנוקס טריט.

* * *

אין דרײַ טײַלן האָט זיך די פּאַרטיזאַנער־מחנה אָוועקגעלאָזט אויף פאַרשידענע וועגן. מען האָט געוווסט, אַז אין איין פּונקט וועט מען זיך צונויפקומען און דאָן וועט עס זײַן „דער קאָנצערט"...

— עס זאָל גוט קלאַפּן! — האָט דער קאָמאַנדיר יעהן אָנגעזאָגט.

נישט ווײַט פונם באַן־אויפשיט איז מען געבליבן ליגן, און שטיל איז געווען אַרום, פּונקט ווי נישט קיין הונדערטער קאַמפּסגרייטע און לעבנס־גיריקע מענטשן וואָלטן דאָ געווען, נאָר אָנגעוואָרפענע פון פראָסט פאַרשטאַרטע מתים־דריען.

כּיל האָט בשום אופן נישט געקענט אײַנהאַלטן אין זיך דעם אָנוואַקסנדיקן אומגעדולד. ער האָט פּאַרזיכטיק זיך אויסגעדרייט אין אַ זײַט און זיך צוגעבויגן צו יאַנוקס אויער:

— הערסט?

יאַנוקס מיט פראָסט באַוואַקסענע ברעמען האָבן זיך אויסגעצויגן אין אַ חידושדיק פרעגן.

— ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן... אין אונדזערע הערצער... אַרוועטורע הייסט עס.

אַ העלע ראַקעטע האָט דורכגעשניטן דעם הימל און נאָך איר — פון עטלעכע זײַטן אין איין פּונקט געצילט — האָבן קוילנוואַרפערס קורצע סעריעס אין טאַקט אָפּגעקלאַפּט. באַלד זײַנען זיי אין די רייד אַרײַנגעפאַלן לאַנגע סעריעס סווישטשענדיקע קוילן.

— ווי די הינט... הערסט אַ רעווען?...

אַלע האָבן זיך אַ יאָג געטאָן, האַלב פּויזנדיק, נענטער צום באַן־וועג. באַלד איז מען אויבן, אויפן אויפשיט, געווען, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָנצערט...

באַגלייט מיט פּולווער־אויפרייסן זײַנען רעלסן — פריער אייניציק־ווייז, נאָכהער מאַסנווייז — געפלויגן אין דער לופטן. אין דעם דאָזיקן פליען האָט זיך גאָר קענטיק געזען דער פּראָפיל פון וועג, באַלויכטן דורך אַן אילומינאַציע, וואָס האָט העל געמאַכט דעם גאַנצן הימל־פּאַס.

פֿאַלנדיק צוריק האָבן טייל רעלסן אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַ דינעם, רופֿנדיקן קלאַנג, און די געמיטער זײַנען נאָך מונטערער געוואָרן.

בילם אויפֿגעריסענע רעלס איז שוין געלעגן ערגעץ אין דער נידער, טיף אײַנגעגראָבן אין שניי, האָט ער אַ צעפּלאָמטער זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס, זוכן ערגעץ אַ „פֿרייע" רעלס און פּרוּוון נאָכאַמאָל דערהערן די מוזיק פֿון היליקן צעשטערן. האָט אים ווער ביים פּעלצל אַ כאַפּ געטאָן:

— שטיין דאַרף מען בלייבן... אויפֿן דירעזשאָר קוקן... ביסט דאָך אַ מוזיקער, זאָגסטו?

ביל האָט אין העלן אָפּשײַן פֿון אָן אַרויפֿגעפֿלויגענער רעלס דערקענט דעם קאָמיסאַר. ער האָט זיך געפּרוּווט צוריקציִען און נישט געקאָנט. אַלץ מעכטיקער איז געוואָרן די סימפֿאָניע פֿון ליכט און קלאַנג. דערזען אַ גרופּע, וואָס איז, ווי ער, געבליבן „אָן אַרבעט", האָט ער פּלוצעם אָנגעהויבן דירעגירן מיט די הענט, און אַ געזאַנג, פֿון אָנהייב אַ טויבלעכס, נאָכדעם אַלץ אַ מעכטיקערס — האָט גענומען דייטלעך אָפּהילכן איבער דער גאַנצער לענג פֿון דער צעשטערטער אײַזנבאַן־ליניע.

# פּאַרטיזאַנישע בוכהאַלטעריע

איין שאָס פון אַ ביקס איז געווײַנלעך אַ צופעליקער. אַ צווייטער — צווינגט שוין אָנצושפּיצן די אויערן, אָנשטרענגען די אויגן און דערביי פילן, אַז די ביקס איז ביי דיר אין די הענט. אַ דריטער — אָ, אַ דריטער שאָס איז שוין אַ קלאָרער ענין, ס׳באַטייט:

— אַליאַרם! צו קאַמפּס־גרייטקייט!

דעזשורנע אינם פּאַרטיזאַנישן לאַגער פונם אָטריאַד נומ. 208 אויף סטאַלינס נאָמען איז יענעם טאָג געווען דער קאָמאַנדיר פון קוילנוואַרפער־אָפּטייל באַריס כאָומאָוויטש. נאָך איידער דער שליח פון „סעקרעט" איז אָנגעלאָפן, כדי צו מעלדן באַריסן, אַז דער שונא איז נאָענט, אַז ער גייט אויפן לאַגער, האָט שוין באַריס באַוויזן אַלעמען שטעלן אויף די פיס און אַליין איז ער מיט זיין אָפּטייל אַוועק אין דער ריכטונג פונם געענטן האָרף, פונוואַנען דער שונא האָט אָנגעגריפן. אַ האָגל קוילן האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף דעם פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל. באַריס באַפעלט: „אין אַטאַקע!" ס׳גייט אַ פּאַרביטערטער קאַמף אויף לעבן און טויט. ס׳קומט אום דער פּאָליטרוק פון דער ראָטע. לעבן באַריסן פאַלט אַ טויטער דער פּאַרטיזאַן מיטן קוילנוואַרפער. באַריס באַפעלט: „פּאָרויס! שלאָגט די הינטישע זין!" ער ליגט שוין אַליין אויך אַ פאַרוווּנדעטער, ער קען זיך נישט באַוועגן. ס׳האָט זיך צו אים צוגעקאַראַבקעט דער קאָמאַנדיר פון דער 4־טער אָפּטיילונג שוקאַלקין, כדי אים אַרויסצושלעפּן פון פייער. באַריס האַלט אָבער אין איין שרייען „פּאָרויס! קוילעט די מערדער!".

די היטלעריסטן זיינען אין דער שלאַכט צעקלאַפּט געוואָרן, זיי זיינען אין פּאַניק אָפּגעטראָטן. באַריסן האָט מען אין לאַגער געבראַכט אַ פאַרחלשטן. ווען גרישקע גאָרדאָן איז צו זיין ערשטער כירורגישער אָפּעראַציע צוגעטראָטן (גרישקע איז נאָך אין געטאָ געוואָרן אַ „דאָקטער"

כאַטש באַוויזן האָט ער בלויז דריי קורסן מעדיציניש אינסטיטוט צו ענדיקן), קוקט אויף אים באַריס מיט אַ פּאָר טרויעריק־שמייכלענדיקע אויגן (כאָטש די ציין זייַנען פון וויטיק צונויפגעפּרעסט) און גיט גריש־קען צו מוט:

— דרייסטער, ברודערקע, נישט אַזוי האָט מען אונדז שוין גע־שניטן...

— ווען?

— סט'שוין פאַרגעסן?! אָט דאָ, ווען אויף אונדזערע מלבושים אין געטאָ איז די געלע לאַטע צוגענייט געוואָרן, אָט דאַן האָט עס גע־שניטן... אין סאַמע האַרצן האָט עס געטראָפן. קיין גרעסערן וויטיק וועל איך שוין אוודאי נישט פילן... איצט וועלן „זיי" שוין איים דערפילן...

דער געזעצטער, שטענדיק מיושבדיקער באַריס פלעגט פאַרלירן די גאַנצע סטאַטעטשנעקייט פון אַ קאָמאַנדיר, ווען עס פלעגט פון ערגעץ נאָענט זיך דערהערן אַ צו לאַנגע אויטאָמאַטן־סעריע. דאַן פלעגט ער אַרייַן אין אַזאַרט. און אַזוי פלעגט עס שוין געשען: באַריס מיט זיין אָפּטיילונג איז שטענדיק פאָרויס, איז שטענדיק אויפן געפערלעכסטן אָרט פונם קאַמפּס־פראָנט.

געווען איז עס אַ וואָכן צוויי נאָכן אַרויסגיין פון געטאָ. דער שונא האָט אויסגעשפּירט, וווּ דער פּאַרטיזאַנישער לאַגער געפינט זיך. ער איז פּלוצעם אָנגעפאַלן אויפן פּאַרטיזאַנישן פּאָסטן און איים מיט גראַ־נאַטן פאַרוואָרפן. די פּאַרטיזאַנער זייַנען אַוועק לויערן אויפן אָנ־גרייפנדיקן שונא. באַריס מיט זיין אָפּטיילונג איז אַוועק אַ קילאָמע־טער הרייַ פונם לאַגער.

אונדערהאַלבן קילאָמעטער פונם לאַגער איז געזעסן פאַרשטעקט אַ צווייטע גרופּע פּאַרטיזאַנער. דער שונא גרייפט אָן. ס'גייען 200 היט־לעריסטן, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, מיט גראַנאַטן. באַריס לאָזט זיי צו נאָענט, גאָר נאָענט, אָט זייַנען זיי שוין אַ מעטער 70 פון די לויערנ־דיקע פּאַרטיזאַנער. און דאָ קומט דער האַסטיקער באַפעל: „פייער!". דער שונא פאַרלירט פונם ערשטן זאַלפ ביי אַ דרייסיק פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. זייַנע רייען האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן. דער שונא קומט אָבער צו זיך. באַריס וואַרפט זיך אַריבער מיט זיין אָפּטיילונג צו דער גרופּע, וואָס זיצט נעענטער צום לאַגער. ווידער לאָזט מען דעם שונא צו זייער נאָענט, און ווידער — „פייער!".

באַריס האָט גוט פאַרגעדענקט די ערשטע ציפער (שפּעטער האָט ער דעם חשבון פאַרלוירן): 70 געפּטרטע רויבער.

פון שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג איז אָנגעקומען אַ באַ־פעל: פּטרן דעם היטלעריסטישן גאַרניזאָן, וואָס האָט זיך פאַרפעס־טיקט אינם דאָרף ס.

דער שונא האָט זײַן באַזע פאַרפעסטיקט מיט לאַנגדויערנדיקע פייער־פּונקטן, מיט פיר רייען שטעך־דראָטן, מיט קעגנטאַנק־גריבער.

צום אויספילן דעם באַפעל פונעם פּאַרטיזאַנישן שטאַב האָט דער אָפּטייל זיך גוט צוגעגרייט. מ'האָט אין וואַלד אויסגעבויט אַ מאָקעט פונעם שונאס פּאָזיציעס, און יעדע ראָטע האָט גענוי דערלערנט די אויפגאַבע, וועלכע איז פאַר איר געשטעלט געוואָרן. פאַר דער ראָטע, מיט וועלכער באָריס דאַרף גיין אין שלאַכט, איז געשטעלט געוואָרן די אויפגאַבע: נעמען דעם הויפּטקלאַפּ.

די ערשטע האָט אָנגעהויבן געבן פייער די פּאַרטיזאַנישע אַרטילע־ריע (דער אָפּטייל פאַרמאָגט זעקס האַרמאַטן 45־מילימעטערדיקע און איין האַרמאַט אַ 122־מילימעטערדיקן). באָריס מיט זײַן ראָטע גייט צו נאָענט, ביי אַ הונדערט מעטער פונעם שונאס פּאָזיציע און — „צום שטורעם!". עס ברענען שוין דעם שונאס קאַזאַרמעס. שיע שניטמאַן איז פאַרלאָפן פאָרויס, ביי אַ 30 מעטער פון שונא, און קלאַפּט אי־בער דער אַמבראַזורע. פרענקעל האָט שטום געמאַכט אַ לאַנגדויערנדיקן פייער־פּונקט פון די היטלעריסטן. פּאַרטיזאַנער זײַנען שוין אין גאַרני־זאָן און ראָטן אויס די רעשטלעך פונעם שונא. שפּעטער איז אָנגע־פלויגן די היטלערישע אַוויאַציע — זיי האָבן שוין אָבער געטראָפן אַ בית־עולם, נישט קיין גאַרניזאָן. די אויפגאַבע איז אויסגעפילט גע־וואָרן. אינם דאָרף ס. איז שוין מער קיין היטלערישער גאַרניזאָן קיינ־מאָל נישט געשאַפן געוואָרן.

דער גאַרניזאָן פונעם שונא אין ב. האָט שטאַרק געשטערט די פּאַר־טיזאַנער. צוליב דעם דאָזיקן גאַרניזאָן איז זיי שווער געווען זיך צו דערקלייבן צו דער אייזנבאַן־ליניע. דאַרף מען אים פאַרניכטן.

דריי פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען זײַנען אַוועק אין קאַמף. מיט דער ערשטער אָפּטיילונג פירט אָן באָריס. ער גייט דירעקט צו דער נעסט פון די באַנדיטן, די איבעריקע צוויי אָפּטיילונגען פאַרגייען פון די זייטן. הונדערט מערדער זײַנען געפּטרט געוואָרן. צוויי באַנדיטן האָבן זיך פאַרשטעקט אויף אַ בוידעם, איינער איז דער פאַשיסטישער בירגער־מייסטער. דער „דאָקטער" גאָרדאָן האָט זיך דערקליבן נאָענט צו זיי און הייסט זיי „גוטברודעריש" באַוויליקן אַראָפּצוקריכן. אַ צווייטער לאָזט זיך צו זיי — שיסט אין אים דער בירגערמייסטער. דער פלינ־

מאַטישער גאַרדאָן, וואָס מיט אַ מינוט פֿאַר דעם האָט ער געכאַפּט אַ גראַנאַט, וועלכן דער בירגערמייסטער האָט געוואָרפֿן, און זי אים צוריק אָפּגעשיקט, פֿאַלט אַריין אין כּעס, לאָזט אַ צינדר־קויל אין בוידעם און פֿרעגלט אָפּ אַ לעבעדיקן דעם פֿאַשיסט.

אַז באָריס פֿאַלט אַריין אין אַזאַרט, פֿאַרגעסט ער אָפּטמאָל אומצוקוקן זיך, צי די פּאַרטיזאַנער פֿון זיין אָפּטיילונג באַווייזן אים נאָכצוגיין.

די באַגעגעניש מיט אַ ס.ס.־ראָטע ביים דאָרף ה. האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז די האַזיקע רויבער־באַנדע איז געווען געצוווּנגען אָפּצוטרעטן. באָריס יאָגט זיך נאָך זיי. פֿיר היטלעריסטן האָט ער אין פּלייצע אַריינגעפּאַקט קוילן. באָריס באַמערקט נישט, אַז ער איז איינער אַליין געבליבן: ס'איז אַ באַפֿעל געווען זיך אומקערן. אַ היטלעריסט האָט זיך אוועקגעלייגט און צילט מיטן אויטאָמאַט אין באָריסן. באָריס לאָזט זיך אַראָפּ אויף דר'ערד, און ס'הייבט זיך אָן אַ דועל. שוין אַ מינוט צען, ווי זיי ליגן איינער אַנטקעגן צווייטן, זוכנדיק אַ סעקונדע, ווען אַ טרעפֿלעכע קויל וועט פֿאַרענדיקן דעם דועל. באָריס שרייט (האַלב יידיש — האַלב דייטש): „גיב זיך אונטער, אַז נישט פּטר איך דיך דאָ אויפֿן אָרט". יענער אָבער פּאַרטייעט זיך, וואַרט אָפּ, ביז ביי באָריסן ענדיקן זיך די קוילן, און הייבט אָן זיך דערנענטערן צו אים. ווער ווייסט, מיט וואָס דער קאַמף וואָלט זיך פֿאַרענדיקט, ווען ס'קאַראַבקעט זיך נישט אונטער דער 14־יעריקער מישקע באָניצקי. צוזאַמען האָט מען דעם פֿאַשיסט געפּטרט.

אין קאַמף קומט אָפּטמאָל אַזוי פֿאָר: ס'ווילט זיך דיר טרעפֿן אויג אויף אויג מיטן שונא (נאָכן געטאָ איז דער דאָזיקער ווילן ביים יידישן עולם געוואָרן אַ צווייטער נאַטור), און דאָ באַשטימט מען דיך גאָר אויף אַ זייטיקער פּאָזיציע.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע וועלט־מלחמה. פּאַרטיזאַנער זיינען אַרויס אויף אַלע אייזנבאַן־וועגן פֿון לאַנד, כּדי מיט אַן איינמאָליקן קאָנצענטרירטן קלאַפּ צעשטערן דעם שונאס קאָמוניקאַציע. דאָס איז געווען אַ צוגרייטונג צום גענעראַל־שטורעם פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי.

די פּאַרטיזאַנער פֿונעם אָפּטייל, אין וועלכן ס'געפֿינט זיך באָריס באַימאָוויטש, האָבן באַקומען אַן אויפֿגאַבע: אין משך פֿון איין נאַכט פּטרן 2.000 רעלסן. באָריסן מיט זיין גרופּע ווערט געגעבן דער באַפֿעל צו באַשיצן דעם אָפּטייל פֿון אַן אומגעריכטן אָנפֿאַל פֿון דעם שונא. פֿאַרפֿאַלן, באַפֿעל איז באַפֿעל!

דער אָפּטייל האָט זיינס אָפּגעטאָן. אַלע זיינען ממש גליקלעך פֿונעם

דערפֿאָלג. באַריס גייט אַרום אין לאַגער אַ צעטראָגענער, קאָן זיך קיין אָרט נישט געפֿינען, רעדט, טענהט אַריין אין די שטאַב־מיטגלידער, און אויף צומאָרגנס איז ער מיט זיין אָפּטיילונג אַוועק... צו דער אַלגעמיינער סומע צעשמעטערטע רעלסן האָבן זיי זייער אייגענעם צושטייער געבראַכט — נאָך 518 שטיק.

צוויי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, צווישן זיי אויך באָריס מיט זיינע קאַמפּס־חברים, האָבן פֿון שטאַב באַקומען אַן אויפֿגאַבע: פּטרן דעם שונאס פֿינף צוגן. מ'איז אַוועק אין דער געגנט פֿון דער סטאַציע. אַ באַוועגונג איז אויף דעם דאָזיקן אייזנבאַן־אָפּשניט גאָר אַ גוואַלדיקע. די היטלעריסטן היטן די ליניע, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, דאָך גייט זיך איין די דיווערסאַנטן אונטערלייגן דעם אויפֿרייס־מאַטעריאַל. ס'גייט דורך איין צוג — קיין אויפֿרייס איז נישטאָ. מען לייגט צו נייעם אויפֿרייס־שטאָף. ס'גייט דורך אַ צווייטער צוג — גאָרנישט. אַ דריטער, אַ פֿערטער — פּונקט ווי דער וועג וואָלט גאָרנישט געווען פֿאַרמינירט. ס'הייבט אָן טאָגן. מען מוז זיך שוין אָפּטראָגן פֿון דער אייזנבאַן־ליניע. נאָר אָט פֿליט נאָך אַ צוג, גאָר אַן אַריסטאָקראַטישער — און די גאַנצע געגנט ווערט פֿאַרטויבט פֿון אַ מוראדיקן אויפֿרייס („אוודאי האָט מען עס אין געטאָ געהערט", — טראַכט זיך באָריס). אַ גאַנצן טאָג זיינען דעם שונאס סאַניטאַר־אַעראָפּלאַנען געפֿליגן און טראַנספּאָרטירט די פֿאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. געווען זיינען עס, ווייזט אויס, גאָר „הויכגעשטעלטע פּאַרשוי־נען" (אַנדערש וואָלט מען זיי אויפֿן אָרט באַגראָבן און נישט צוגענומען מיט אַעראָפּלאַנען). נאָך דער דאָזיקער געלונגענער אָפּעראַציע האָבן די צוויי פּאַרטיזאַנישע גרופּעס אַראָפּגעלאָזט פֿון די רעלסן נאָך פֿיר עשאַ־לאָנען. ביי זעכציק וואַגאָנעס מיט „לעבעדיקער סחורה" און מיט מלחמה־טעכניק פֿונם שונא זיינען פֿולשטענדיק געפּטרט געוואָרן.

באָריס כאַימאָוויטש האָט שוין לאַנג אויפֿגעהערט צו פֿירן די בוכ־האַלטעריע פֿון נקמה־אַקטן קעגן די פֿאַשיסטישע בעסטיעס. ביי יעדער נייער אָפּעראַציע האָט ער זיך שטענדיק געפֿילט ווי ער וואָלט אַקאָרשט אָנגעהויבן פֿון אָנהייב.

# די משפחה

קיין שום באפעל איז נישט געווען, און קיינער האט זיך צומאל נישט פארטראכט, ווער האט עס דער משפחה געגעבן אזעלכע אומבאגרענעצטע רעכט. אלע האבן זיי זיך פריי באוועגט איבער די דערפער און וועלדער פון דער פארטיזאנער־זאנע, און ס׳איז גענוג געווען, אז אויף דעם געפאַ־דערטן פארהאל זאל קומען דער ענטפער: „די ציבולניקעס" — זיי זאלן דורכגעלאזט ווערן אפילו אין שטאב פון דער געגנט.

קיינער האט זיי ביים אמתן נאמען נישט גערופן. אפילו יידישע פארטיזאנער, וועלכע האבן געוווסט, אז דעם אלטן רופט מען בערע לייב, און זיין ווייב הייסט סימע, אז דער זון האט, א חוץ דעם נאמען „א רובל מיט צוואנציק" (ער פלעגט צוהינקען אויף א פוס). אויך אזא מין פיינקלינגעוודיקן נאמען, ווי איטשע וועלוול, און אז דאס מיידעלע מיט די דינע צעפעלעך, וועלכע זיינען שטענדיק שטייף פארקניפט איבערן בלאנדן קעפל, רופט מען סתם „ס׳מוזיניקל", — אפילו ביי יידן האבן זיי אנדערש נישט געהייסן ווי „די ציבולניקעס".

ווי ס׳האט עס דער אלטער בערע לייב דערקלערט בעת א כוסה, האט זיך דער צונאמען געטומען צוליב זיין אפהיטן כשרות. ס׳מאכט זיך, מען קומט צו א באקאנטן פויער אין חארף און יענער איז מכבד מיט א „גלאז מילך... פון א משוגענער קו" (סאמאהאן, מיינט מען) און שטעלט אוועק צום פארבייסן א פאר פענעצלעך אויסגעטריקנטן קעלבאס אדער פארגעלטע סלאנינע — דרייט בערע לייב אפ דעם קאפ און בעט זיך ביים באלעבאס: „א שטיקל ציבעלע ט׳גענוג זיין". אזוי האט זיך אנגענומען דער צונאמען, און וועלכן ס׳איז מיט דער צייט קיין סימן נישט געבליבן פון לכתחילהדיקן שפאט — „די ציבולניקעס".

די ערד־הייל פון בערע לייבס משפחה האט זיך גאר קענטיק אויסגעטיילט פון די געווינלעכע פארטיזאנישע היילן מיט זייער קאזארמי־

שער אומהיימלעכקייט. די ליימענע ווענט זיינען באַדעקט געווען מיט
שטרוי, פון וועלכן ס'פלעגט פאַלן אַן אַנגענעמער אָפּשיין אויף דער ארו־
מיקער טונקלקייט. ביי דער קיך, וואָס איז צונויפגעקלאַפּט געוואָרן פון
א בלעכענעם בענזין־פעסל איז געהאָנגען א פּאָליצע מיט בלים, שטענ־
דיק ריין־אויסגעוואַשענע. דער ערדענער דיל איז געווען אויסגעליינט מיט
סאָסנע־צווייגלעך, וועלכע פלעגן אָנפילן די הייל מיטן ריח פון סוכותדי־
קער יום־טובדיקייט. קיין געוועב אויף דער וואַנט, אָדער אין א געשטעל,
ווי געוויינלעך ביי פּאַרטיזאַנער, האָט מען דאָ קיינמאָל נישט געזען,
כאָטש מען האָט געוווסט, אַז בערע ליבט, ווי נאָר ס'מאַכט זיך אים עפּעס
א „בעסער שטיקל", וועט ער עס שוין פּאַרטיישן און איבערלאָזן פאַר
זיך. ביי קיינעם פון די „ציבולניקעס" האָט מען אויך אין וועג, אָדער
ווען זיי פלעגן אָנקומען אויף א פּאַרטיזאַנער־באַזע, קיין געווער נישט
באַמערקט, כאָטש מען האָט געוווסט, אַז ביי זיך פאַרשטעקט, האָט יעד
דער פון זיי עפּעס א כלי. — „ס'פּאַסט נישט" — פלעגט בערע ליב
זאָגן און האָט שטענדיק איינגעהיט, אַפילו אין דער קליידונג דעם פריד־
לעכן אויסזען פון א קליינשטעטלדיקן יידן.

ווער ס'האָט אָבער געזען די „ציבולניקעס" בעת אַן אָבלאַווע, ווען
גאַנצע פּולקן ס.ס.־לייט האָבן ארומגערינגלט דעם וואַלד און זיך גע־
לאָזט אין אָנגריף אויף די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילן, דער האָט פאַרשטאַנען,
אַז דאָס זיינען די אמתע „ציבולניקעס". ס'איז פאַרשוווּנדן דער שמייכל,
וואָס איז שטענדיק געלעגן אויף בערע ליבס צעקנייטשט פּנים. זיין מילד
בערדל איז אָנגעשטרענגט פאַרשפּיצט געוואָרן, זיך איינגאַנצן צונויפגע־
גאָסן מיט די גרוילעכע וואָנסן און פאַרשטעלט דאָס שטיף־צענויפגע־
פּרעסטע מויל. זיינע אָנגעשטעלטע אויערן האָבן די ערשטע דערהערט
דעם באַפעל, און צווישן די ערשטע האָט ער זיך פלינק אויסגעצויגן
מיט דער אָנגעשטעלטער ביקס. אויך זיין ווייב, סימע, וועלכע פלעגט אין
וועג שטענדיק אָפּשטיין, נישט קאָנענדיק אָנייאָגן אירע „וואַיאַקעס", האָט
ווי פאַרלוירן פּלוצעם איר גאַנצע שווערע קיילעכדיקייט און פלינק באַ־
וויזן צו זיין ביי בערע ליבס זייט. פון איטשע בערס היניקעוודיקייט איז
אויך קיין סימן נישט געבליבן. מיטן אויטאָמאַט איבערן ברוסט האָט
ער אויף קיין אײן רגע נישט פאַרלוירן ס'מוזיניקל פון אויג, וואָס האָט
אים נאָכגעטראָגן די סומקע מיט אָנגעפילטע דיסקן.

ווי נאָר די אָבלאַווע האָט זיך געענדיקט, איז די משפּחה ווידער
אַוועק צו דער אַלטער הייל. און איז זי, ווי מערסטע פּאַרטיזאַנישע היילן,
חרוב געווען, האָט מען זיך זאַלבעפערט גענומען זוכן א נייעם פּלאַץ,

אָפּגעזונדערט פון די שכנותדיקע באַזעס, כדי ווידער אויסצוגראָבן אַ הייל, וואָס זאָל פאַרמאָגן די היימישקייט פון די אַ סך מאָל שוין צע־שטערטע. און ווידער איז אַוועק נאָרמאַל דאָס וואַלד־לעבן פון דער משפחה „ציבולניקעס".

---

אַ נײַ געקומענעם יידישן פּאַרטיזאַן פלעגט עס שטאַרק אַרן: פאַר־וואָס עפּעס גייט זי, די משפחה, מיט איר אייגענעם גאַנג? פאַרוואָס זאָל זי, ווי הונדערטער אַנדערע, נישט זיין אין אַן אָפּטייל און טאָן דאָס, וואָס אַלע טוען?

— אַט ווער ס'גייט בייזע צינגער שטאָף פאַר רכילות וועגן אונדז

— פלעגט אַזאַ איינער זיך היצן אַזוי לאַנג, ביז ער פלעגט אַליין דער־זען: פאַר די „ציבולניקעס" האָט מען אומעטום גרויס דרך־ארץ.

ס'האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז אין דער אָפּט־פאַרלאָזענער הייל פון דער משפחה, דאַן, ווען בערע לייב פלעגט זיך מיט די זייניקע אַרויס־לאָזן אין וועג, זאָל זיך ווער דערלויבן, אפילו אין אַ שיכורן צושטאַנד, צו באַלעבאַטעווען, עפּעס וואָס פון דאָרט צונעמען.

אַהער פלעגט מען קומען אין אַ פרייער מינוט, ווען די „ציבולני־קעס" זיינען אויפן אָרט געווען, מען פלעגט מיט זיך ברענגען אַ האַלבן ליטער, אַ שטיקל קעז מיט פּוטער, אָדער גאָר עפּעס רעכטס פון אַ געלונ־גענער „באָמביאָזשקע" * און עס געבן אַ מתנה דער באַלעבאָסטע אָדער דעם מוזיניקל. אַהער איז מען געקומען דערוויסן זיך נייעס פון בערעס לייבן, וואָס פלעגט אויסשפּאַנען אַ וועלט, דעם מינדעסטן קלאַנג אויפ־נעמען און ברענגען אים ווי מען האָרט; אַ הער איז מען געקומען זיך אָנעטעמען מיט דער אויסגעבענקטער היימישקייט, אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס העמד, וואָס איז שוין אויף שטיקער צעפאַלן, און באַקומען פון סימען אַ באַליע הייס וואַסער, כדי צו דערפילן דאָס חיות פון אַ ריין אָפּגעוואַ־שענעם קערפּער. אָבער דער עיקר פלעגט מען קומען אַהער מיטן באַהאַל־טענעם מיין, וואָס פריינדלעכער ווערן מיט דער משפחה, טיפער זיך איינ־קריצן אין איר זכרון און דערמיט באַקומען די זיכערקייט, אַז וואָס ס'זאָל נישט געשען — וועט כאָטש אַ געדעכעניש בלייבן, אַ סימן פון אַ לעבן, אויף וועלכן ס'האָט אויף טריט און שריט געלויערט די לעצטע רגע. . . .

ס'איז געווען אין דער צייט, ווען דער וואַלד איז נאָך קיינעמס

---

*) אַ רעקוויזיציע פון האָב און גוטס ביי פּוילישע אָדער רוסישע עלעמענטן.

ניט געווען. רעגולערע דייטשישע מיליטער־טיילן פלעגן נאך אין פחד דורכגיין מיטן ברייטן טראקט. אויף זייטיקע סטעזשקעס פלעגן זיך דורכ־שלייכן קליינע גרופן אנטלאפענע פון געפענגעניש אדער פון ארומרינג־לונג, וועלכע האבן זיך אין שטאק־פינצטערע נעכט ארויסגעלאזט נאך א ביסל שפייז. „פארטיזאנער" האט מען זיי גערופן, און געווען זיינען דאס מענטשן, וועלכע האבן פארצווייפלט געזוכט א באהעלטעניש, כדי ניט אריינצופאלן אינם שונאס הענט. איין גרופע אזא פלעגט אויס־מיידן צו טרעפן זיך מיט א צווייטער, חושד זייענדיק יעדן באגעגנטן לעבעדיקן, אז ער טראגט מיט זיך בלויז טויט פארן צווייטן.

אין יענער צייט איז בערע לייב געקומען אין דעם שכנותדיקן וואלד פון זיין שטעטל, כדי צו געפינען דא באשיצונג פארן רעשט פון זיין לעבנגעבליבענער משפחה. טויט־געפאר האט געלויערט ארום, באוועגן זיך האט מען ניט געקאנט, און זיצן אויף אן ארט איז געווען געפער־לעך. דאן איז בערע לייב געפאלן אויפן געדאנק זיך אונטערצוגראבן אונ־טער איינעם פון די הונדערטער קברים, וו עס זיינען בחנמדיק פאר־שאטן געווארן די געפאלענע שלאכט־לייט, דארטן צו בלייבן די טעג, און אין די נעכט אליין אדער מיטן מוזיניקל זיך ארויסלאזן צו שכנים נאך א ביסל שפייז און וואסער. דער קבר האט זיך ארויסגעוויזן פאר א זיכערן שוץ־גרובן אזוי לאנג, ביז דער וואלד האט באקומען א באל־עבאס: אמתע פארטיזאנער האבן זיך דא באוויזן, אלע וועגן האבן זיי פארמינעוועט און געצווונגען דעם שונא אויסצומיידן דעם וואלד. דאן איז בערע לייב ארויס פון זיין באהעלטעניש און ניט פרעגנדיק ביי קיינעם, מיט דער עקשנות פון דערפילן א נדר, גענומען צוזאמען מיט דער משפחה אויסגראבן קברים און איבערפירן טיפער אין וואלד, אויף איין ארט, די געבליבענע רעשטלעך פון די געפאלענע שלאכט־לייט. פאר־טיזאנער פלעגן זיך אפשטעלן, צוקוקן זיך, אן א ווארט צו פרעגן, צו דער ארבעט פון די פיר „ציווילע" און זיך געזעגענען מיט א מיטפילנדיק ווארט. עס האט אמאל געפרווט א יידישער בחור ווארפן א ווארט, מעשה חוזק, אז „אפנים, פעטער, זייט איר א גבאי געווען ביי דער חברה קדישא" — האט אים בערע לייב געענטפערט מיט זיין טרויעריקן שמייכל, און יענער האט פארשטאנען: „ווער ווייס וו זיין אייגן געביין וועט אהינקומען".

מיט דער משפחה האט זיך פאראינטערעסירט דער שטאב פון דער זאנע. פארטיזאנער האבן געוווסט — די „ציבולניקעס" שטעלן צו געווער פאר די אפטיילן. ביקסן מיט פארזשאווערטע שלעסער און פארפוילטע

האַלצשטילן, וואָס זיינען פֿון אָנהויב מלחמה אָפּגעלעגן אין די קברים צו־זאַמען מיט זייערע אומגליקלעכע אייגנטימער, האָבן צוריק אָנגעהויבן דינען געניטע הענט. מען האָט געוווּסט אַפֿילו וועגן אַ גאַנצן געווער־אַרסע־נאַל, וואָס עמעצער האָט געהאַט אין גריבער באַהאַלטן, מאַסקירנדיק מיט צלמים פֿון אויבן, צו וועלכן די משפּחה האָט זיך דערקליבן.

נאָר נישט וועגן דעם האָט שעהנוויז זיך געסודעט מיט בערע לייבן דער פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר. אַפֿילו נישט וועגן די ידיעות, וואָס די משפּחה פֿלעגט מיט זיך ברענגען פֿון דער ברייטער וועלט. ס׳איז געווען אַ שמועס וועגן דורותדיקן מנהג, נישט איבערצולאָזן ביים שונא דעם געפֿאַלענעם ברודער, — אַ מנהג — וועגן וועלכן עס דערמאָנען טאָג־איין, טאָג־אויס די ווערטער פֿון שלאַכט־באַפֿעל: „אייביקער אָנדענק די העלדן, וואָס זיינען געפֿאַלן אין שלאַכט פֿאַר דער גערעכטער זאַך”.

און פֿלעגן פּאַרטיזאַנער באַגעגענען די משפּחה ערגעץ ווייט, אין סאַמע שכנות מיט דעם שונאס פּאָזיציעס, האָבן זיי געוווּסט: אין אַ שווערער שליחות גייען די דאָזיקע אַזוי מוראדיק פֿרידלעכע מענטשן. און וועלן זיי זיך אומקערן — וועלן זיי מיט זיך ברענגען אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט ברענגען פֿון אַן אומגעקומענעם שלאַכטמאַן. און דער עיקר — זיי וועלן ברענגען רו אין די געמיטער פֿון די לעבעדיקע, וואָס וועלן היינט, מאָרגן — אַזש ביזן נצחון, גיין אויפֿן זיכערן טויט.

די משפּחה האָט געשטאַרקט דעם גלויבן אין די הערצער פֿון די לעבעדיקע, אַז זיי וועלן קיינעם נישט לאָזן פֿאַרגיין אין שפּורלאָזער אומבאַוווּסטקייט, וואָס איז אַ סך שרעקלעכער ווי דער טויט.

# די נאַכט פֿון די ווייסע טיוולאָנים

אַז די בריגאַדע פּלאַנירט עפּעס גאָר וויכטיקס אויפֿצוטאָן, האָט מען זיך ליכט געקאָנט אָנשטויסן. אַלע טיילן און גרופּן האָבן ענערגיש זיך געגרייט. מ׳האָט געריייניקט דאָס געווער, געטריקנט די קוילן, געשמירט די שלעסער. פּרוּוען האָבן געגרייט באַנדאַזשן, גענייט מאַסקיר־כאַלאַטן, פּאַרטיק געמאַכט סוכאַרעס. בלויז דאָס קליינוואַרג האָט זיך געפּלאָנטערט פֿאַר די פֿיס, געוואַרט אויף אַ שליחות, אויף אַ רייטער, וואָס וועט אָנפֿליען און מ׳עט ביי אים אונטערכאַפּן דאָס פֿערד, כדי אים אויסצוזאָטלען, צוואַרפֿן אַ ביסל היי, שעטשקעס. דער קאָמאַנדיר האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל: צו יעדער וואַך־גרופּע צוגעבן עטלעכע יאַטלעך. כאָטש דער פּראָסט איז גרויס געווען, האָט חברה מיט פֿרייד אויפֿגענומען דעם באַפֿעל. אַ קלייניקייט: באַקומען אַ ביקס אין דער האַנט! דער אָפּטייל־קאָמאַנדיר האָט שוין דאַן געוווּסט דעם אָנזאָג פֿונעם בריגאַדע־קאָמאַנדיר, אַז אין דער באַשטימטער נאַכט, ווען מ׳עט דאַרפֿן אָנפֿאַלן אויפֿן שונא, טאָרן אויף דער באַזע קיין קאָמפּעטענטע מענטשן נישט בלייבן. דערפֿאַר טאַקע האָט עס דער קאָמאַנדיר באַשלאָסן צוגעוויינען דאָס קליינוואַרג זיי זאָלן אַליין אָפּהיטן אין דער דאָזיקער נאַכט די גאַנצע באַזע. ביסלעכווייז, אָן אַ שום באַפֿעל, האָט זיך געשאַפֿן אַ קינדער־גרופּע אין דעם אָפּטייל. עמעצ, פֿון די שטענדיקע לצים האָט די דאָזיקע גרופּע אַ נאָמען געגעבן „די ליכטציערס". שולדיק אין דעם צונאָמען איז דאָ געווען דער ניין־יעריקער מיכקע — אַ יאַט מיט ביינער, עסט פֿאַר דריי, און כוח האָט ער נישט ווייניקער פֿון אַ גרויסן. מער נישט — שטענדיק קאַפּעט אים פֿון דער נאָז.

דער עלטסטער, — כאָטש קיינער האָט אים נישט באַשטימט — איז געוואָרן וויטקע — אַ קליינגעוויקסיק, דאַר יאַטל, וואָס האָט ביי זיינע פֿערצן יאָר אויסגעזען נישט עלטער פֿון מיכקען. ער האָט געקאָנט

שיסן פון אן אויטאָמאַט. באַרימט האָט ער זיך, אַז ער קען שוין זיין אן ערשטער נומער ביים „מאַקסים“, און ס׳קאָן גאַנץ מעגלעך זיין: די טיילן פון קוילנוואַרפער האָט ער געקאָנט אויף אויסנווייניק. נאָך אַ מעלה האָט ער געהאַט: ער האָט געקאָנט רייטן ווי דער בעסטער קאַוואַלעריסט. מיט אַ זאָטל, אָן אַ זאָטל — ווייטקע פלעגט אויפן פערד אויסזען ווי אַ צוגעוואַקסענער. אַלץ איינס צי איז דאָס געווען אין גאַלאָפּ, צי אין שנעל־טראָט. אַלס „קאָמיסאַר“ האָט זיך ווייטקע צוגעקליבן דעם „חבר יאַקאָ־טאַקאָ“. מיט אַזאַ נאָמען האָבן חברה געקרוינט דעם צוועלפיעריקן אַרעקן.

פרעגסטו אַרעקן אַנדערפרי: ווי ביסטו געשלאָפן? — האָט ער שטענדיק איין ענטפער: „אָ, יאַקאָ־טאַקאָ“. פרעגסטו אים נאָך מיטאָג, צי איז ער זאַט, ענטפערט ער ווידער: „אָ, יאַקאָ־טאַקאָ“. „קאָמיסאַר“ איז ער געוואָרן דערפאַר, ווייל נאָך אַזאַ מיידים אויף דערציילן מעשׂות איז אין גאַנצן אָפּטייל נישט געווען. ווען חברה פלעגט זיך צוזעצן צום שייטער אָדער צום ברענענדיקן אייוועלע אין דער ערד־הייל, און אַרעק האָט אָנגעהויבן דערציילן איינע פון זיינע צענדליקער מעשׂות פלעגן עלטערע פּאַרטיזאַנער, כלומרשט אַזוי זיך, באַקעס, צורוקן נעענטער און אויסהערן שטיל ביזן סוף.

צום „שטאַב“ האָט אויך געהערט יאָשקע „בולביע“. זיין אַרבעט איז געווען צו באַזאָרגן אַלע, וואָס גייען אויף דער וואַך, מיט פולע קעשע־נעס קאַרטאָפלעס, כדי זיי זאָלן האָבן מיט וואָס אונטערצוהאַלטן די נשמה בעת דער לאַנגער ווינטער־נאַכט. דאָס האָבן אים די קינד־דיזשורנעס דעם שיינעם נאָמען געגעבן. סך־הכּל איז די גרופּע באַשטאַנען פון זיי־בעצן יאַטלעך. געווען איז אין דער אָפּטייל נאָך קליינוואַרג, כמעט אַלע געראַטעוועטע פון דעם געטאָ. זיי זיינען אָדער נאָך גאָר פּיצלעך געווען, אָדער זיי האָבן סתּם נישט געטויגט פאַר ווייטקען, און ער האָט זיי גע־הייסן זיצן אין די היילן.

ערב דעם אַרויסמאַרש פון דעם אָפּטייל איז אויף דער באַזע געוואָרן באַזונדערס שטיל, כאָטש מענטשן איז געווען מער ווי שטענדיק: אַלע, וועמ׳ס איז נאָר געווען אין וועג אויף אַ קאַמפּס־אָפּעראַציע, אויף אַ ווירטשאַפטלעכער אויפגאַבע, אויף אַ רעפּעראַט אין דערפער, האָבן באַ־קומען אַ באַפעל שנעל זיך אומצוקערן. מענטשן האָבן אַלץ געטאָן פאַר־זיכטיקער, געלאַסענער ווי געוויינלעך, כאָטש אינעווייניק, ביי זיך, האָט יעדער געזאָטן פון אויפרעגונג, וואַרטנדיק אויף דעם שווערן און גע־פערלעכן קאַמף. ס׳האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט אין דער שטילקייט

געוואָלט טיפער באַהאַלטן פונם שונאס אויג דעם סוד פון דער קומענ־דיקער שלאַכט. אַזוי שטיל איז אויך איין טייל נאָך דער צווייטער אַרויס פון דער באַזע. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אפילו די פערדישע קאָפּיטעס קלאַפּן זיך ווייכער אָפּ אין דער פאַרפרוירענער ערד. אָן גרילציערײַ איז אויך אַרויס דער אינטערנאַציאָנאַלער האַרמאַט. געבליבן איז אויף דער באַזע, אַזוי ווי ס'איז געווען באַשטימט, א פאַראַנטוואָרטלעכער דיזשור־נע, די גרופּע פונם קליינוואַרג און די פרויען (חוץ די סאַניטאַרקעס) מיט די קינדער.

ווען אין דער פינצטערניש פונם פריען ווינטערדיקן פאַרנאַכט איז דער אַפּטייל אינגאַנצן פאַרשוונדן, איז אויפן לאַגער אַנגעפאַלן אן אומה־דיקע פוסטקייט. וויטקע האָט פאַנאַנדערגעפירט די וואַך. דעם איבעריקן עולם האָט ער צונויפגענומען אין איין הייל, זיי געהייסן זיך צושפּאָרן, ביז ס'וועט קומען זייער ריי צו פאַרבייטן די וואַך. ביי קיינעם האָט זיך אָבער קיין אויג נישט צוגעמאַכט. האָט מען זיך איינציקווייז אַראָפּגע־שלעפּט פון די געלעגערס, זיך צוגעזעצט צום טליענדיקן אייוועלע און אָנגעשטרענגט צוגעהערט זיך צו דער שטילקייט פון דער נאַכט.

וויטקע האָט זיך אויפגעהויבן פונם אייוועלע, אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס פעלצל און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— אַז דו ווילסט, קום מיט מיר, — האָט ער פון דער טיר אַ רוף געטאָן יאַשקען — כ'וועל גיין אַ קוק טאָן אויף דער וואַך.

אַלע האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן פון די ערטער, גענומען אָנטאָן אויף זיך די פעלצלעך און זיך אַרויסלאָזן פון דער הייל. וויטקע האָט נאָר מעשה בעל־הבית, געכאַפּט אַ שטרענגן בליק אויף זיי, אָבער קיין וואָרט נישט געזאָגט. אים אַליין זיצט זיך נישט אין דער הייל — זאָל ער זיי הייסן זיצן?

אַ שטיק וועג פאַר דער וואַך האָט שוין „יאַקאָ־טאַקאָ", דער שעף פון דער וואַך, זיי באַגעגנט מיט זיין הילכיקקוויטשיקן רוף: „שטיי, ווער גייט!".

— זיבעצן — האָט זיך וויטקע אָפּגערופן.

— מינוס דריי — האָט אַרעק אָפּגעענטפערט שטרענג, לויטן פעסט־געשטעלטן פּאַראָל.

חברה האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער פינצטערער קאַלטער וואַך־הייל, ווו ס'האָבן קוים געטליעט אַ פּאָר קוילן. מ'האָט זיך ענג צוזאַמענ־געפּרעסט, און באַלד האָט מען זיך דערפילט דערמוטיקט, היימיש. שטיל־שעפּטשענדיק האָבן זיי פאַמעלעך אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן דעם, ווו

דער אָפּטייל קאָן שוין איצט זיין, און ווען און ערך קאָן זיך אָנהויבן דער שטורעם, און צי וועט מען דאָ הערן, ווען די „קאַטיושע" (דער איינציקער האַרמאַט, הייסט עס) וועט אָנהייבן געבן „צונג". כאָטש „יאקאַטאקאַ" איז שוין דאָ אויך געווען אינדערמיט, איז קיינעם היינט נישט איינגעפאַלן צו בעטן, ער זאָל דערציילן איינע פון זיינע מעשות. דער שמועס איז אריבער אויף נייעסן פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען, וועגן זייערע אויפטוען און שכלדיקע איינפאַלן. דערציילט האָט מען אויך וועגן געשעענישן אין דער אַרומיקער געגנט. פון די אונטערגעהערטע שמועסן פון די הערוואַקסענע האָט חברה געקאָנט אַלע אַרומיקע דערפער און שטעט, געוווּסט ווו ס'זיינען פאַראַן אונדזערע מענטשן און פרעמדע, גוטע און שלעכטע, ווו ס'זיינען דאָ דייטשישע גאַרניזאָנען און ווו פאַליציייאישע, ווי גרויס זיי זיינען און וואָס פאַר א געווער זיי פאַרמאָגן.

און אַז אַלע נייעסן האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָט „יאקאַטאקאַ", נישט ווי געוויינלעך, אומגעבעטענערהייט אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה. און געווען איז די מעשה באַזונדערס נאָענט אַלעמענס געמיט, אַלעמענס אומרואיקייט, וואָס האָט נישט געלאָזט קיין אויג צומאַכן. ס'איז געווען די מעשה וועגן „די רויטע טיוולאָנימלעך", וועגן דעם ברודערל און דעם שוועסטערל, וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן זייער טאַטן, זיך אַריינבאַקומען אינעם שונאס לאַגער און אָנגעמאַכט די קרובים פון די היינטיקע היטלעריסטן גרויסע צרות, זיי געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. — און דאָס אַלץ איין צווייען — צוויי קינדער.

ווייטקע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, נאָך איידער אַריעק האָט די מעשה געענדיקט, כלומרשט צו קאָנטראָלירן די וואַך. ווען ער איז צוריק אַריין אין דער הייל, איז אויף עטלעכע קולות געגאַנגען אַ שטילער שטרייט: צי קאָן מען, אָן דער הערלויבעניש פונם קאָמאַנדיר זיך לאָזן, אָט ווי די „רויטע טיוולאָנימלעך", ערגעץ צו אַ גאַרניזאָן, מאַכן דאָרט אַ שטיקל שאָדן און נעלם ווערן.

— וואָרום, וואָס ווילן מיר דאָ אויסזיצן, וואָס? — האָט געענדיקט שיימקע דער פּאַסטוך (זומער איז ער געווען דער הויפּט־אויפזעער איבער די קי).

— הרי מאַן אויף דער וואַך איז געענוג. צו וואָס דאַרף דאָס רעשט יאַטן, איינער און איינער, דאָ זיצן און מעשות זיך דערציילן?

פּנים האַלב־סודותדיקן שושקען זיך איז אין דער הייל טומלדיק געוואָרן. אַלעמענס שטימען האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין טענה: מען דאַרף עפּעס טאָן! אין דעם דאָזיקן טומל האָט זיך ווייטקען איינגעגעבן

אומבאמערקט ארויסצושלעפן אַרעקן און נאָך אים יאַשקען. זיי האָבן זיך פאַרקליבן אונטער אַ ברייטער סאָסנע, און סודותדיק־שטיל האָבן זיי דאָרטן באַשלאָסן:

צוקלייבן צו זיך נאָך פינף פון די סאַמע פלינקסטע, מיטנעמען צוויי וואַך־ביקסן, שטעקנס און מעסערס פאַר אַלעמען, און נישט דער־ציילנדיק קיינעם פון די איבערגעבליבענע קיין שום מעשׂות, זיך לאָזן כלומרשט צוריק אויף דער באַזע.

אין דער צייט, ווען וויטקע האָט גענומען אויסשטעלן אויף אַ גאַנ־צע נאַכט די אָרדענונג פון דער וואַך, — ווער ווען מען ס׳דאַרף פאַר־ביטן — איז יאַשקע שנעל אַוועק אויף דער באַזע, כדי אָנצושלעפן לוי־לעכער, העמדער, האַנטעכער — אַלץ, וואָס ס׳קאָן נאָר צונוץ קומען.

— מאָמער וואָס ווען, גיט מיר צו וויסן — האָט וויטקע אָנגעזאָגט די, וואָס זיינען אין דער הייל געבליבן צום פאַרענדיקן די וואַך־נאַכט. און באַלד האָט ער זיך געלאָזט פאַרויס פון דער גרופּע, וועלכע האָט זיך אָן איינגעהילטע אין ווייסן פאַרזיכטיק ארויסגעשלייכט צום האָרי־זאָנט.

* * *

די פרייד פונם גרויסן נצחון איבער דעם שונאס גאַרניזאָן פונם שטעטל מ. איז אויסגעדרונגען געוואָרן, ווי נאָר דער צוריקגעקומענער מי־דער עולם פּאַרטיזאַנער האָט זיך דערוווסט, אַז פון וויטקען, אַרעקן, יאַשקען און די איבעריקע „ליכטציערס" איז קיין שפּור נישטאָ. נישט בלויז אין די יאַטלעך איז דעם קאָמאַנדיר געגאַנגען. אפשר האָט דער שונא, אין דער זעלבער צייט, ווען זיי האָבן אים אין איין פּונקט צע־קלאַפּט, פון אַ צווייטן זיך דערקליבן אַהער, צו זייער באַזע, און דאָס קליינוואַרג פאַרכאַפּט? ס׳לייגט זיך אָבער נישט אויפן שׂכל, פאַרוואָס האָט ער די וואַך נישט גערירט, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן דיזשורניע, די ווייבער און קינדער נישט פאַרשלעפּט. ווי טויט מיד אַלע זיינען געווען, האָבן זיך באַלד געמאָלדן עטלעכע רייטער, וואָס האָבן פרייוויליק געוואָלט זיך לאָזן אין אויסשפּיר, כדי צו פאַלן אויפן שפּור פון די יאַטלעך.

ס׳איז נישט פאַריבער קיין שעה, ווי איינער פון די אויסשפּירער האָט געמאָלדן, אַז אויפן צווייטן קילאָמעטער זיינען אויפן שניי פאַראַן אַ מאַסע שפּורן פון רייטער, פּונקט ווי אַ גאַנצער עסקאַדראָן וואָלט דאָרט געהאַט געשטאַנען.

דער קאָמאַנדיר האָט תיכף פאַראָרדנט אַן אַליאַרם. פּאַרטיזאַנישע הערצער זיינען שנעל מיט פרייש בלוט אָנגעפילט געוואָרן, פּונקט ווי זיי

וואָלטן גאָר אַ גאַנצע נאַכט נישט געפֿירט קיין געפֿערלעכע שלאַכט מיטן שונא. די טיילן זיינען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען אויף די באַשטימטע וואַלד־ראַנדן, כּדי צו פֿירן אַן אַלזייטיקע פּאַרטיזאַנער באַוואַכונג. און מיטן פֿון דער באַזע איז אויסגעשטעלט געוואָרן די „קאַטיושע", ביי וועלכער ס'זיינען קוים צוויי סנאַריאַדן געבליבן.

אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג האָבן די לויערער אויפֿן צפֿון־ראַנד פֿון וואַלד דערהערט דאָס שווערע טאָפּטשען פֿון פֿערדישע טריט. מ'האָט באַלד צו וויסן געגעבן דעם קאָמאַנדיר, און אין יענער ריכטונג זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן רייטער־אויסשפּירער. אָבער נאָך איידער פֿון דאָרט האָט זיך אַ ידיעה באַקומען, איז דורך דער סאַמע געדיכטעניש פֿון דער בלאָטע, וואָס פֿלעגט אָפֿט און ווינטער נישט פֿאַרפֿרירן, דורכגעקראָכן אַ פֿאַרסאַרגעטער נפֿש אויף אַ פֿערד און נאָך אים — אַ צווייטער, אַ דריטער. צעפֿליקטע, פֿאַרבלאָטיקטע שטיקער לייוונט האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן זייערע פֿיס. דער עולם פּאַרטיזאַנער האָט זיי גענומען באַלאַגערן פֿון אַלע זייטן, חערקאָטענדיק, אַז „די מציאה האָט זיך אָפּגעפֿונען".

— דערציילט, וואָס איז געשען! — האָט דער קאָמאַנדיר שטרענג באַפֿוילן דעם פֿאַרשמירטן יאַטל, אין וועלכן ס'איז קוים מעגלעך געווען צו דערקענען דעם „קאָמיסאַר" „יאַקאָ־טאַקאָ".

אַרעקי האָט זיך מיליטעריש אויסגעצויגן, דרייסט אָנגעשטעלט די אויגן אויפֿן קאָמאַנדיר און מיט ווירדע געענטפֿערט:

— די אָפּעראַציע איז געלונגען. חבר קאָמאַנדיר, אַלע זיינען צוריק־געקומען אויף דער באַזע גאַנץ. וועגן דעם איבעריקן וועט ראַפּאָרטירן וויטקע!

דעם קאָמאַנדירס לכתּחילהדיקער אומרו, וואָס איז בעתן דערזען די יאַטלעך איבערגעגאַנגען אין כּעס, האָט זיך גענומען אויסלאָזן אין אַ גוטמוטיקן חוזק וועגן „די העלדן אין די צעריסענע מיטקעס". אינם לאַגער איז ווידער געוואָרן רויִשיק. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפֿעניש פֿון איין לויער־פּונקט צום צווייטן. אַ הילכיקער הוראַ האָט באַגעגנט דאָס אַריינטרייבן אַ טאַבון קי מיט שעפּסן, אַרומגערינגלטע מיט רייטער אויף נעכטיקע קאַוואַלעריע־זאָטלען. אַ טריאומפֿירנדיקער איז וויטקע פֿאָרויס געריטן מיט דער ביקס אויפֿן אָרעם, ממש אַ מתער קאָמאַנדיר.

— ליגט אַרויס אַלץ, נאַטשאַלניק, — האָט גוטמוטיק געהייסן דער קאָמאַנדיר.

וויטקע האָט זיך אויסגעצויגן און אָנגעהויבן דעם ראַפּאָרט לויט

אַלע מיליטערישע כּללים, ווי ס׳איז דער שטייגער ביי אמתע פּאַרטיזאַנער:

— — — — איך האָב אליין פאַרשטאַנען, אַז די יאַטן זיינען גערעכט. וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן אויף דער באַזע און אַ צייט, ווען איר אַלע זייט אַוועק זיך שלאָגן? חברה האָט זיך גענומען בונטעווען. „יאַקאָ־טאַקאָ״ האָט נאָך צעבלאָזן דאָס פייער. ער האָט דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט אַלעמען אונטערגעהויבן. כּאָטש לאָז זיך גלייך אין דער וועלט שלאָגן דעם דייטש. כ׳ווייס, אַז קיין באַפעל פון קאָמאַנדיר טאָר מען נישט ברעכן... איר האָט אונדז אָנפאַרטרויט די באַזע...

— נו, זיינען מיר, אַכט פון די פלינקסטע יאַטן, אַוועק, אָט אַזוי ווי איר זעט אונדז מיט מאַסקיר־כאַלאַטן. געוווּסט האָבן מיר, אַז אין יאַוואָרשטשינע האָבן די פּאָליציייען צונויפגעטריבן פערד און בהמות, וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט ביי די פּויערים. וויפל פּאָליציייען עס זיינען דאָרט פאַראַן האָבן מיר נישט געוווּסט, אָבער מיר האָבן געטראַכט, אַז די „רויטע טייוולאָנימלעך״ האָבן זיך געקענט לאָזן קעגן גאַנצע אַרמייען ווייסע, מעגן מיר דאָך פּרווון קעגן אַ ביסל שוואַרצע. מיר האָבן אויך געטראַכט: אַז איר וועט אָנהויבן געבן קלעפּ אין מ. און אונדזער „קאַטיושע״ וועט באַוויזן, וואָס זי קאָן, וועט דאָך אין יאַוואָרשטשינע אויך ווערן טומלדיק, דאַן וועלן מיר עס אָנפאַלן אויף די שוואַרצע לייט.

— אַזוי איז געווען. געגאַנגען זיינען מיר איינער נאָכן צווייטן, ווי די גענדז. מיר האָבן אויסגעמיטן כוטאָרן, אָפט געקראָכן ביזן האַלדז אין שניי. קיינער האָט קיין פּיפּס נישט געטאָן. מיר האָבן אָנגעליגט איבערריקן וועג. אַביסל געבלאָנדזשעט, און דאָ האָט איר אונדז געהאָלפן. אין איין זייט האָט עפּעס גענומען ברענען. דער הימל איז רויט געוואָרן. האָבן מיר זיך געכאַפּט אין וואָס פאַר אַ זייט מיר דאַרפן גיין.

— ווען מיר זיינען נאָענט צו צו יאַוואָרשטשינע, בין איך אַוועק אין אויסשפּיר. די קאָמאַנדע האָב איך אַרעקן איבערגעגעבן. טאָמער ווער איך געהרגעט — טאָ זאָל ער פירן. כ׳האָב זיך פאַרקליבן אויף אַלע פיר צו די ערשטע כאַטעס — טויט, שטיל. אַלץ כראָפּעט. ווו איז אָבער דער שייער, די פערד, די שטאַלן, די בהמות? איך האָב עס דערשנאַפּט. דאָרט דרייט זיך אַרום אַן איינגעטוליעטער פאַרשווין מיט אַ ביקס, און אין שכנות לייכט זיך אַ קאָפּטשערל. הייסט עס, אַז די הינט וואַכן.

— אויף צוריקוועגס האָב איך שוין דעם פּלאַן געהאַט פאַרטיק. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעצויגן אויפן שניי, איינער פון צווייטן אַ מעטער

די ווייט, און אזוי לייגנדיק האָבן מיר געוואַרט, אַז די „קאַטיושע" זאָל אונדז לאָזן גריסן.

— מיר האָבן קלאָר געזען, ווי די פּאָליציייען האָבן אין די בלויזע וועש אָנגעהויבן לויפן הין און צוריק, ווי די פאַרסמטע. דאַן האָב איך באַפוילן: אַלע אין איין רייַ קײַלערן זיך אַהין, צו זייער באַזע. שווערלעך איז געווען מיט די ביקסן. מיר האָבן זיי אַרונטערגערוקט אונטער די ליילע־כער. וואָס נענטער צום אָרט, זײַנען מיר אַלץ מער אַרומגעוואַקסן געוואָרן מיט שנײ — פון אונדז זײַנען גרויסע באַלן געוואָרן. אַז די פּאָליציייען האָבן דערזען די פּליענדיקע שניי קנוילן, האָבן זיי אָנגעהויבן מאַכן קולות, אַזוי ווי זיי וואָלטן אויף אַן אמת משוגע געוואָרן.

— אַזוי ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט, האָבן פיר פון אונדז זיך געוואָרפן אויף זייער וואַכמאַן. אָט, קוקט אים אָן, דעם פּריץ. דאָס איז יאַשקעס מלאכה. ער האָט עס אים אַזוי פיין צורעכט געמאַכט, די זעל־ביקע פיר האָבן אויפגעבראָכן די טירן און גענומען אַרויסטרייבן די פערד, די בהמות. מיר ווידער, האָבן זיך געלאָזט נאָך די פּאָליציייען. זיי האָבן געשריגן, מיר האָבן נאָך מער געפילדערט. די „קאַטיושע" האָט צוגעהאָלפן. אַרום איז דער הימל רויט געווען. וואָס מיר האָבן דאָרט אויפגעטאָן — ווייסן מיר נישט. ביי פּישקען איז די האַנט פאַרלאָפן. ער זאָגט, אַז ער איז איינעם אין פּיסק פאַרפאָרן מיטן מעסער, און יענער האָט אים מיט די ציין פאַרטשעפּעט אַ שטיק האַנט. אַריעק האָט אויך עמעצן אַ גלעט געטאָן. קיין סך צייט האָבן מיר נישט געהאַט. מער נישט, מיר האָבן אַ נישטער געטאָן אין פערד־שטאַל, אויסגעקליבן אַ פּאָר רעכטע זאָטלען. אַלע זײַנען מיר אַרויף אויף די פערד און היידאַ — צוריק אַ היים. מיר האָבן געוואָלט באַווייזן צו קומען נאָך איידער דער גאַנצער אָפּטייל וועט זיך אומקערן. שולדיק זײַנען אָבער די קוי און די שעפּסן. מיר האָבן אַ שיין ביסל צרות געהאַט מיטן טרייבן זיי. און דאָ ווילט זיך נישט איבערלאָזן קיין שפּור צו אונדזער באַזע. האָבן מיר זיך צעטיילט אין דריי גרופּעס און באַשלאָסן אויפן צווייטן קילאָמעטער פון אונדזער באַזע זיך צוזאַמענטרעפן. אַזוי איז טאַקע געשען. איז ווידער שלעכט. מען טאָר דאָך נישט אויסטרעטן אַזאַ ברייטן שליאַך גלייך אַהער. זײַנען מיר זיך ווידער צעגאַנגען, כדי אַרייַנצוקומען פון פאַרשידענע זייטן, דער עיקר טאַקע דורך דער בלאָטע...

וויטקע האָט מיט אָפּגעסאַפּעט, באַלד זיך ווידער אויסגעצויגן, און אין אַן אָפיציעלן טאָן פאַרענדיקט:

— איך מעלדע אייך, חבר קאָמאַנדיר, אַז דער פּאַרטיזאַנער־טייל אונ־

טער מיין אָנפירונג, און דער צאָל פון אכט קעמפער, איז אין דער פאַר־גאַנגענער נאכט אָנגעפאַלן אויפן שונאס לאַגער אין דאָרף יאַוואָרשטשי־נע. אין רעזולטאַט פון אַ קורצער שלאַכט האָבן מיר דעם שונא גער צווונגען אָפּצוטרעטן. ביים שונא זיינען פאַראַן געהרגעטע און פאַרוווג־דעטע. זייער צאָל איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט. מיר האָבן פאַרכאַפט פיר ביקסן און זיבן גראַנאַטן. חוץ דעם האָבן מיר גענומען אין געפאַנ־גענשאַפט איין פּאָליציייער. אַלע אונדזערע האָבן זיך אומגעקערט אויף דער באַזע. טראָפייען האָבן מיר געבראַכט: אכט פערד, פינף קאַוואַלערייער זאָטלען, צוועלף קי און עטלעכע שעפסן. אַ טייל בהמות איז אונדז פאַר־לוירן געגאַנגען אין וועג.

אז וויטקע האָט געענדיקט דעם ראַפּאָרט, האָט פון די נאָזלעכער ביי אַ סך פּאַרטיזאַנער גענומען זעצן אַ געדיכטע פּאַרע, ווי זיי וואָלטן לאַנג געהאַט פּאַרטיזעט דעם אָטעם.

— גוט — האָט שטיל געענטפערט דער קאָמאַנדיר. — איצט גייט, וואַשט זיך איין און לייגט זיך צו אָפּרוען. אין דער פרי שטעלט זיך מיט אַלעמען אין דער ריי אויסצוהערן דעם טאָג־באַפעל. יאָ, גיט איבער דעם ווירטשאַפטס־שעף: ס'זאָל הייגט זיין אַ יום־טובדיקער מיטאָג. מיט אַ קאַפּעטשקע דערצו. פאַרן קליינוואַרג אויך אַ ביסעלע...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דער אָפּטייל איז געווען אויסגעשטעלט לויט די טיילן. דער ערשטער אין דער ריי פון די זיבעצן יאַטלעך איז געווען וויטקע, כאָטש לויטן ווּקס האָט ער געדאַרפט שטיין ערגעץ ביים סוף פון דער ריי.

דער קאָמאַנדיר האָט געלייענט דעם טאָג־באַפעל. ער האָט גענוי דער־ציילט וועגן דעם גאַנג פון דער קאָמבאַט־אָפּעראַציע קעגן דעם שונאס גאַרניזאָן אינם שטעטל מ., וועגן די באַגאַנגענע פעלערן, באַמערקטע חסרונות. ער האָט אויסגערעכנט די נעמען פון די העלדישע קעמפער, וועל־כע באַקומען אַ דאַנק פונם שטאַב און ווערן אָנגעמערקט צום באַקומען העכערע קאָמפּראָוויסציכענונגען.

אין דער צווייטער טייל פונם באַפעל זיינען אויסגערעכנט געוואָרן די אויפטוען פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון עלטסטן וויטקען (קיינער האָט זיין פאַמיליע נישט געוווסט, דער קאָמאַנדיר אויך נישט). ס'איז גענוי אָנגעגעבן געוואָרן די צאָל טראָפייען און דער אופן, ווי אַזוי דער אָנפאַל איז אויסגעפירט געוואָרן.

אין דעם שלוס־טייל פון באַפעל איז געזאָגט געוואָרן:

„נעמענדיק אין אַכט די באַזונדערע געוואַגטקייט און העלדישקייט, וואָס די מינדעריעריקע גרופע פּאַרטיזאַנער האָט אַרויסגעוויזן, און דעם באַדייטנדיקן רעזולטאַט פון זייער קאַמף — זיך ווענדן צום הויפּט־שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג צו געבן הויכע קאַמפּס־אויסצייכענונגען אַלע אָנטיילנעמער אין דעם אָנגריף".

דער קאָמאַנדיר האָט אויף אַ רגע אויפגעהויבן זיינע אויגן פונם פּאַפּיר, געכאַפּט אַ בליק אויף דעם קליינוואַרג און סקאַנדירנדיק יעדעס וואָרט ווייטער געלייענט:

„נעמענדיק אין אַכט, אַז די גאַנצע גרופּע האָט איינגוויליק פאַרלאָזט איר פּאָסטן און הערמיט געבראָכן דעם באַפעל פונם קאָמאַנדיר וועגן באַוואַכן די באַזע — באַשטראָפן אַלע אַכט מאַן מיט צוגאָב־אַרבעט אויף דער קיך אין משך פון צוויי וואָכן".

פון דאַן אָן איז דאָס גאַנצע קליינוואַרג פון דעם אָפּטייל פאַרעכנט געוואָרן אַלס פולוועדטיקע פּאַרטיזאַנישע שלאַכטלייט.

# זיין קוילנוואַרפער

אַז דער אַפּטייל איז אַוועק אין קאַמף צו צעקלאַפּן דעם שונאס גאַרניזאָן אינעם שטעטל מיאַדיעל, האָט חיים אַלעקסאַנדראָוויטש גע־וווּסט: פאַראַן נאָך איין ציל אין דעם האַזיקן קאַמף — באַפרייען די ייִדן פון דעם האָרטיקן געטאָ. חיים איז בעת דער האַזיקער שלאַכט גע־ווען ביים קוילנוואַרפער.

דער שונא דערפילט די געפאַר און שיקט אַרויס אַן עקסטרע פאַר־בינדלער צום שכנותדיקן גאַרניזאָן נאָך הילף. חיים כאַפּט אים איבער מיט זיין קוילנוואַרפער איינמיטן וועג.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם פונעם גאַרניזאָן. ייִדן אין גע־טאָ זיינען שוין פון פאַרויס געוואָרנט, אַז ס'דערנענטערט זיך די שעה פון באַפרייונג. מיט אויפגעבריזטן געמיט און צאַפּלדיקע הערצער דער־וואַרט מען די דערלייזער, כדי מיט זיי זיך פאַרייניקן אין קאַמף קעגן דעם בלוט־שונא. פינף שעה האָט געדויערט די שלאַכט. ס'זיינען פאַר־ראַן קרבנות ביי די פּאַרטיזאַנער. א קויל האָט געטראָפן דעם געהילף־קאָמאַנדיר פונעם אַפּטייל. ס'ליגן פיר געהרגעטע פּאַרטיזאַנער. ס'וואַקסט שטאַרקער דער צאָרן און די פאַרביסנקייט. עס זיינען שוין פאַרנומען דעם שונאס שוצגרובנס. פּאַרטיזאַנער זיינען אַריין אין שטעטל. מען איז נאָך פאַרנומען געווען מיט פאַרניכטן די לעצטע באַנדיטן פונעם היטלערישן גאַרניזאָן, ווען חיים איז מיט א גרופּע אַוועק צו דעם געטאָ מיטן גליקלעכן באַפרייונגס־רוף: „ייִדן, אַרויס פון געטאָ!".

און ייִדן זיינען אַרויס. יונגערע און קאַמפּס־פעיקע זיינען גלייך איינ־געשלאָסן געוואָרן אין די קאַמפּס־רייען. די עלטערע, די פרויען און קינ־דער זיינען אַפּגעפירט געוואָרן אין וואַלד, אין א פאַמיליען־לאַגער, כדי שפּעטער אַפּגעשיקט צו ווערן אויף יענער זייט פראָנט־ליניע.

חיים האָט מיטגעלעבט די גרויסע פרייד פון באַפרייונג און בעת־

מעשה געטראַכט וועגן „זיין" גנטאָ, וועגן זיין דערמאָרדעטער פרוי מאַשע, וועגן זיין 6־יעריק טעכטערל נאָמעלע.

...ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער צאָל 13.

גראָד דאָס איז א סימן פון הצלחה, — האָט געענטפערט חיים אויף דעם וואָס זיך פון זיינע חברים איבער דער „טיוולאָנישער טויט".

אין לאַגער, ווי געוויינלעך, זיינען ווייניק מענטשן פאַרבליבן. מען איז אַוועק ביינאַכט — ווער אויף א קאַמפּס־אָפּעראַציע, ווער אויף דיווערסיע, ווער אין אויסשפּיר, ווער אויף א ווירטשאַפטלעכער אָפּעראַציע אָדער אויף פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט צווישן דער באַפעלקערונג. אין חיימס ראָטע זיינען בלויז פינף מענטשן געבליבן, און פלוצעם — אַן אַליאַרם! דער שונא איז נאָענט! אין דער גאַנצער בריגאַדע זיינען קוים א מאן 120 געבליבן. מען ווענדט זיך צום שכנותדיקן אָפּטייל און מען פאַרנעמט צוזאַמען א פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע. חיים מיט זיין קוילנוואַרפער געפינט זיך אויפן רעכטן פליגל. נאָך רעכטער פון אים געפינען זיך א מאן דרייסיק פון די שכנים. דער לינקער פליגל אַרבעט מעשים, מען גיט דעם שונא פולוועך צו שמעקן. די היטלעריסטן וואַרפן זיך רעכטס מיט א שטאַרקן אויטאָמאַטן־פייער. חיים גרייט זיך אויפצונעמען דעם שונא און דאָ, אין סאַמע ניטיקן מאָמענט, — סטאָפּ: דער דיסק פונם קוילנוואַרפער האָט זיך פאַרהאַקט. די דייטשן הערפילן דאָס שוואַכע אָרט ביי די פאַרטיזאַנער. זיי זיינען שוין 10 מעטער פון חיימען. קאַלטבלוטיק (מיט דער וווּנדערלעכער קאַלטבלוטיקייט, וואָס א חוץ אַלעקסאַנדראָוויטשן, האָט עס זעלטן ווער פאַרמאָגט) האָט ער אַרויסגענומען דעם דיסק, אָנגעפילט מיט קוילן שנעל א צווייטן, און ממש אין דער לעצטער סעקונדע האָט זיין קוילנוואַרפער גענומען געבן לשון. 13 היטלעריסטן (אָט וועגן די דאָזיקע 13 האָבן עס חברים זיך געחכמהט) זיינען פון דער ערשטער קוילן־סעריע געבליבן ליגן. די איבעריקע זיינען צעטומלט געוואָרן. זיי וואַרפן זיך אין א זייט, נאָך מער רעכטס, דאָרט, וווּ ס'זיצט די שכנישע גרופּע. זי האַלט ניש אויס דעם האַסטיקן אָנגריף פון שונא. ס'דראָט א געפאַר, אַז די היטלעריסטן וועלן די פאַרטיזאַנער אָפּשניידן דעם וועג אויף צוריק. חיים האָט באַוויזן שטיל, אומבאַמערקט אַהין זיך דערקלייבן, און ווידער האָט זיין קוילנוואַרפער אָנגעהויבן האַסטיק „שטעפּן". דער שונא איז אָפּגעטראָטן.

# שונאים

געוויינלעך, ווען „דער דייטש" פלעגט צוריקקומען אין אונדזער הייל, זיינען מיר שוין פון אים נישט אפגעטראָטן. און כאָטש ער איז שטענדיק טויט־מיד געווען, פלעגן מיר אים נישט אָפּלאָזן, ביז ער האָט נישט „אויסגעלייגט" אלץ, וואָס ער האָט אין משך פון דער צייט אָפּגעטאָן. ער איז געווען אן אויסשפּירער און זיין זאך איז דער עיקר געווען „רייניקן" די געגנט פון די היימישע שונאים. דאָ פלעגט ער באַווייזן אזעלכע קונץ־שטיק, וואָס פלעגן דעם סאמע פארמאסקירטן פיינט צווינגען רידן קלאָרע דיבורים. ער האָט פארמאָגט אזא נאָז, אז ער פלעגט, ווי ער אליין האָט ליב געהאט זיך צו באַריימען, „דערשפּירן פאדליגע אזש פאר א מייל".

געווען איז ער דער איינציקער, וואָס האָט געהאט דאָס רעכט צו טראָגן א פולשטענדיק־דייטשישן אוניפאָרם (לויטן באפעל, האָט עפּעס פון דער קליידונג געמוזט עדות־זאָגן, אז ער איז א פארטיזאנער און נישט קיין דייטש). הערפאר מסתמא האָט מען אים גערופן „דייטש", כאָטש זיין אויסזען האָט באַלד עדות געזאָגט, אז ער איז ווייט צו זיין אן אריער. ער האָט אויך גערעדט דייטש, הגם איבערגעפלאָכטן מיט יידישע ווערטער.

דאָס מאָל, ווען „דער דייטש" האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין דער הייל, איז ער נישט צוגעגאנגען ווי געוויינלעך צום ברענענדיקן אייוועלע. דער עולם האָט באמערקט, אז עפּעס איז געשען, און מען צו אים נישט צוגעשטאנען און אים געמאכט אן אָרט אויפן געלעגער, ער זאָל זיך קאָנען אויסציען.

ביינאכט זיינען מיר אוועק אויף א שלאכטאויפגאבע — אויפרייסן א בריק. ווען מיר זיינען אויפצומאָרגנס צוריקגעקומען, האָבן מיר, צו אונדזער אלעמענס שטוינונג, געטראָפן „דעם דייטש" ליגן, אזוי ווי מיר

האָבן אים איבערגעלאָזן. אונדזער טומלדיק דערציילן וועגן אַלע אונדזערע „זיבן גליקן" בעתן פּטרן די בריק און אירע שומרים, האָט אים בכלל נישט גערירט. ער איז געבליבן ליגן מיט אָפֿענע אויגן, ווי ס'וואָלט אים דער גאַנצער ענין נישט אָנגעגאַנגען.

די מעשה מיטן „דייטש" האָט אונדז אַלעמען גענומען שטאַרק אינטריגירן. וואָס איז דאָ אַזוינס מיט אים געשען? אומבאַמערקט האָבן מיר אַרויסגעשיקט איינעם פֿון אונדזער טייל, כּדי צו מעלדן דעם אָפּטייל־קאָמאַנדיר וועגן דער פּלוצלימדיקער „מעלאַנכאָליע" פֿונעם אויסשפּירער. יענער איז גיך צוריקגעקומען מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים, געבנדיק צו וויסן מיט אַ קוועטש פֿון די פּלייצעס, אַז ער האָט זיך... גאָרנישט דערוווסט. „מער נישט — האָט ער שטיל איבערגעגעבן — דער קאָמאַנדיר האָט זיך שטאַרק אויסגעזידלט, ער האָט געזאָגט: „זאָל ער ליגן אין געהאַקטע צרות, אויב ס'הייבט אים נישט אונטער פֿון אָרט".

דער עולם האָט שוין רוען נישט געקאָנט. מ'האָט גענומען זיך נאָכפֿרעגן ביי דער חברה פֿון אויסשפּיר — אפֿשר ווייסן זיי עפּעס. אפֿשר ווייסן די, וועלכע זיינען אויף דער באַזע געבליבן, בעת מיר זיינען אַוועק אויף דער אָפּעראַציע? אַ גאַנצן נעכטיקער טאָג, קיינער ווייסט גאָרנישט.

נאָך מיטאָג איז פּלוצעם געקומען דער באַפֿעל צו שפּאַנען פֿערד און שליטנס און נעמען שנעל אַרויספֿירן פֿון לאַגער אַלץ, וואָס קאָן נאָר אַרויסגעפֿירט ווערן. ס'איז געווען קלאָר: מיר „ציען אָפּ", מיר בייטן די באַזע. אָבער וואָס איז געשען? קיינער, אַפֿילו פֿון אויסשפּיר האָט נישט געהערט, אַז דער שונא זאָל זיך האָבן ערגעץ נאָענט באַוויזן.

ווען ס'איז טונקל געוואָרן האָבן מיר פֿאַרלאָזן די באַזע. לעבן אונדז האָט שווער געשלעפּט זיינע פֿיס דער שווייגנדיקער „דייטש". מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס שנעלע פֿאַרלאָזן אונדזער באַזע האָט געוויס אַ שייכות מיטן „דייטשס" שווייגן. ס'איז אונדז אַלעמען שווער געווען אויפֿן האַרצן. מיר פֿאַרלאָזן אַ היימישן־אָנגעוואַרעמט אָרט מיט באַקאַנטע פֿויערים אַרום. איצט, ווו מיר זאָלן נישט קומען, וואַרט אויף אונדז בלויז טיפֿער שניי און פֿאַרפֿרוירענע סאָסנעס, וואָס שיצן ווייניק קעגן ווינט. אוודאי איז עס נישט צום ערשטן מאָל, אָבער קיינמאָל איז דער פּאַרדרוס נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי איצט, — צוליבן בלויזן חשד, אַז שולדיק איז דערין אַן איינציקער, און דערצו נאָך איינער אַזאַ, וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די בעסטע, די פֿלינקסטע...

דער „דייטש", ווי ער זאָל האָבן דערפילט דעם אַנוווקס פון פאַר־דרוס לגבי אים, האָט גענומען דרייען מיט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, זוכנדיק עמעצן. ער האָט זיך געענטער צוגערוקט צו אונדזער גרופּע און גענומען אויסטערהאַלטן אונדזער פּוסטראָט. קיינער האָט אים אויף קיין שמועס נישט אַנגעצויגן, אַליין האָט ער גענומען זיך אויסטענהן, און כאָטש אין זיין גאַנצן דערציילן איז קיין סימן פון פאַרטיידיקן זיך נישט געווען — פאַרקערט, עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעחזרט: „איך בין שולדיק, איך אַליין!" — האָט זיך דאָך געפילט, אַז פון אונדז, זיינע אַלטע קאַמפּס־חברים, דערוואַרט ער אַ ביסעלע מיטגעפיל, אַ טרייסט־וואָרט כאָטש...

— ...מ'האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז פון טראַקט אויף אַ וויטן דאָרפישן וועג זיינען אַראָפּ צוויי פרויען. קיין שום סימנים האָט מען מיר נישט איבערגעגעבן. געזאָגט האָט מען בלויז, אַז דאָס זיינען אוודאי פּאַרטיזאַנערינס. זייער אָנטאָן זאָגט וועגן דעם עדות. און דאָס האָט מיר גראָד אויסגעזען פאַרדעכטיק. ווײַבאַלד פון טהאַקט — האָבן זיי זי־כער געדאַרפט גיין געקליידט שטאָטיש־ציוויל, באַזונדערס אונדזערע פרויען...

כ'האָב געלאָזט אין גאַנג מיין אַגענטור, און מיר האָבן די צוויי פרויען „גענומען אויפן אויג". נישט פאַרהאַלטנדיק זיי און ערגעץ, האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז זיי גייען אין דער ריכטונג פון אונדזער באַזע. ווער זיינען זיי? פון וואַנען קומען זיי און ווער האָט זיי אַזאַ געניוען מאַרשרוט געגעבן?

ס'איז מיר איינגעפאַלן צו מאַכן די פרויען אַ שטיקל עקזאַמען, אײ־דער זיי וועלן פאַרהאַלטן ווערן דורך אונדזער פּאָסט. צוויי פון מיינע אויסשפּירער האָב איך איבערגעטאָן אין דייטשע קליידער און אין דרייען האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אויפן נאָענטסטן כוטאָר. ווען אויפן וועג, וואָס איז אַ פּאָר הונדערט מעטער וויט געווען פון כוטאָר, האָבן זיך באַ־וויזן צוויי סילועטן, האָב איך אויף פערד אַרויסגעשיקט מיינע אויסשפּי־רער, אָנזאָגנדיק, זיי זאָלן מיט קיין אײן וואָרט זיך נישט אַרויסכאַפּן, אַ חוץ מיט אַן אַליאַרמדיקן „ה־אַ־ל־ט" און ברענגען די צוויי אַהער צו מיר. די באַלעבאַטים פונם כוטאָר האָב איך באַוויזן צוצוגרייטן — דער עיקר זיי זאָלן מאַכן אַ טויט־איבערגעשראָקן פּנים.

פאַר מיר זיינען געשטאַנען צוויי „אויסגעגאַסענע" פּאַרטיזאַנערינס. איינע אַ שוואַרץ־חנוודיקע, אין שטיוול און הויזן, מיט אַ לעדערנער קורטקע פון אויבן. די צווייטע, אַן עלטערע, אין אַ פּעלצל, אונטערגע־

גארטלט מיט א רימען. די יינגערע האָט קיין סימן פון שרעק נישט ארויסגעוויזן, שטייענדיק פאר מיר — פאר אן אָפיצער פון דער דייטשישער ארמיי. זי האָט גערעדט א ביסל דייטש און פריי געענטפערט אויף מיינע פראגעס. די עלטערע איז געשטאנען א פארלוירענע. ארומקוקנדיק זיך אין אלע זייטן, האָט זי זיך צוגערוקט נענטער צו דער יינגערער, ווי זי וואָלט געוואָלט זיך באשיצן פון אלץ ארום.

— אין וואלד, אויף א שפאציר, נישט אזוי מיינע שיינהייטן?

אָ, דער וואלד איז גוט, באזונדערס שיין איז דאָר פייגל־געזאנג... פארשידענע פייגל זינגען פאראן אין וואלד... וועלכע פון זיי געפעלן די פרייליינס צום בעסטן, נישט די, וואָס מאכן פיף־פאף?...

די עלטערע איז טויט־בלאס געוואָרן. די יינגערע האָט א שמייכל געגעבן און געבליבן שטיין אין פארלעגנהייט. איך האָב בעת־מעשה זיך א לאָז געטאָן מיט רציחה און מיט אלע מיר באוווסטע דייטשישע קללות צו די באלעבאטים פון כומאָר און זיי פארטריבן פון כאטע. די מיידלעך האָב איך העפלעך געבעטן אוועקלייגן אויפן טיש דאָס געווער, אויב זיי פארמאָגן. די יינגערע האָט גלייך פון קעשענע ארויסגעלייגט א קליין פראנצויזיש פיסטאָלעטל. די עלטערע האָט זיך אומגעקוקט אויף צוריק, דערזען די שטרענגע בליקן פון מיינע צוויי אויסשפירער און גענומען ארויסציען פון אונטערן פעלצל א נאגאן.

איך האָב געזען, אז לאנג טענהן וועט נישט אויסקומען.

כ'בין אָבער נאָך נישט גענוג זיכער געווען, ווער אייגנטלעך האָט זיי אהער געשיקט.

— דער וועג איז שווער געווען? איר האָט זיכער געבלאָנדזשעט?

די יינגערע האָט לייכט קאָקעטירנדיק געענטפערט, אז „ס'מאכט נישט", „מיר זיינען געוווינט צו גיין צופוס".

— נו, אייך האָט מען גענוי באצייכנט, ווי אזוי צו גיין...

די יינגערע האָט געוואָלט עפעס ענטפערן. פלוצעם האָט זי זיך צוריקגעצויגן און א קורצן בליק געכאפט אין דער זייט פון דער עלטערער. באגעגענענדיק זיך מיט אירע אָנגעשטרענגט־עקבערנדיקע אויגן, האָט זי געזאָגט:

— יאָ, דעם וועג קענען מיר...

פלוצעם איז די עלטערע אזוי שנעל צוגעגאנגען נאָענט צו מיר, אז מיינע אויסשפירער האָבן זיך א וויג געטאָן פון אָרט. שטיל, אָבער געציילט יעדעס וואָרט, האָט זי מיט פארוואורף אין איר שטים מיר געמאָלדן:

— הער אָפּיצער, איר דאַרפט אונדז נישט פאַרהאַלטן. אַלנפאַלס מוזט איר די פּויערים, די לעבעדיקע עדות, שוין צונעמען פון דאַנען, אַז נישט קענען מיר ווייטער נישט גיין... כ'מיין, אַז איר האָט מיך פאַרשטאַנען...

ס'זיינען שוין ביי מיר קיין שום ספקות נישט געווען, ווען איך האָב דאָ פאַר זיך. כ'מוז אָבער דעם פּאָדעם אָנכאַפּן און ציען ווייטער.

— ווייטער קאָנט איר איצט טיש גיין. איר וועט גלייך ווידער זיך אָנשטויסן אויף מיינע סאָלדאַטן, אייער באַפרייונג וועט ווערן אין וואַלד באַוווּסט. מיר מוזן איבערוואַרטן...

— איז גוט — האָט זיך אָנגעכאַפּט די ייִנגערע — מיר גייען צוריק צו „סט. 1" און דאָרט וועלן מיר איבערוואַרטן.

— אין שטאָט אַלזאָ? — האָב איך צוריק איבערגעפרעגט, נישט אַרויסגעבנדיק מיין מורא, אַז דאָס אָנגעצייגטע שטריקל זאָל זיך איבעררייסן.

— ניין, „סט. 1" איז איצט ביי זיך אין דאָרף.

— אָ, וווּנדערבאַר. מיר פאָרן אַהין צו אים. וואָס שייך די פּויערים זיינען דאָס מיינע מענטשן, אַזוי, אַז מאָרגן וועט איר דאָ ווידער זיין...

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן מיטן שליטן, און מיינע אויסשפּירער האָבן אָן שום באַפעל פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן טרייבן לויט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן די „פּריילינס" זיינען אַהער געגאַנגען. מיר האָבן די פרויען איינגעטוליעט אין פעלצן, כלומרשט קיינער זאָל זיי אויפן וועג נישט דערקענען. נישט ווייט פון טראַקט, נישט ווייסנדיק ווו ווייטער צו פאָרן, האָב איך זיך צו די פּריילינס געווענדעט: אפשר וויל ווער פון זיי איבערנעמען די לייצעס. די ייִנגערע האָט זיי גערן גענומען און כאַפּנדיק אַ בליק אַרום געפאָרן אויף צוריק און מיטן ערשטן וועג אויף לינקס פאַרקערעוועט.

ס'האָט מיר אַזש אַ זעץ געטאָן אין האַרצן. דאָס איז דאָך דאָס דאָרף, ווו אַלע אונדזערע דיווערסאַנטן, איידער זיי גייען אַריבער דעם טראַקט, צו דער אייזנבאַן־ליניע, שטעלן זיך אָפּ. דאָ, אין דעם דאָרף, האָב איך דאָך מיין אייגענע אַגענטור...

כ'באַוויז נישט דערטראַכטן ביזן סוף דעם שרעקלעכן געדאַנק, ווי אונדזער שליטן בלייבט פּלוצעם שטיין. די פּיס זיינען ביי מיר ווי אָפּגענומען געוואָרן און כ'קען קוים זיי אַרויסשלעפּן אויף דער ערד. די מיידלעך גייען, אַזוי ווי צו זיך, אין דער כאַטע, וועלכע איך האָב אין משך פון חדשים געהאַלטן פאַר מיין רעזידענץ...

כ'האָב מײַן אײגענע שטימע נישט דערקענט, װען כ'האָב באַפֿױלן דער באַלעבאָסטע רופֿן איר מאַן. דאָס פֿאַרװוּנדערטע פּנים פֿון די פֿרױען, װעלכע האָבן מיך דערהערט רײדן נישט אױף דײַטש, האָט מיר אומגעקערט אַ ביסל דאָס גלײַכגעװיכט. דער סטאַראָסטע (אַזױ פֿלעגן מיר אים רופֿן) האָט מיך באַגעגנט מיטן געװײנלעכן, ברײטן, גאַסטפֿרײַנדלעכן שמײכל, װעלכער האָט זיך באַלד אײַן אַ גרימאַסע צעלאָזט איבער זײַן בלײַך־געװאָרן פּנים. ער האָט דערזען די „פּרײַליכס".

מיט מיר האָט עס נאָך קײנמאָל נישט געטראָפֿן, אָבער דאָס מאָל איז עס אַזױ געשען און דאָס איז מײַן אײגענע שולד. איך האָב דעם סטאַראָסטע אַ װאָרט נישט געלאָזט אױסרײדן. כ'בין צוגעפֿאַלן צו אים מיט מײַן פּיסטאָלעט. איך האָב גאָרנישט געפֿילט אױסער דאָס קאָכעדיקע בלוט, װאָס האָט מיר געבריענט מײַן אינגעװײד, איז מיר דער־גאַנגען ביזן האַלדז, אַ זעץ געטאָן מיר אין קאָפּ און פֿאַרגאָסן די אױגן. װען כ'האָב דערהערט האַרט בײַ מײַן אױער דאָס פֿליסטערן פֿון מײַן אױסשפּירער: „קאָמאַנדיר, באַרואיק זיך", בין איך אין פֿולער אָנמאַכט געלעגן אױף דער באַנק. ערשט זײַנען צו מיר דערגאַנגען די ילָלות פֿונם סטאַראָסטעס װײַב. איך האָב דערזען, װי דער צװײטער אױסשפּירער האָט אױף הינטן פֿאַרקװעטשט די הענט פֿון דער עלטערער „פּאַרטי־זאַנקע", װעלכע האָט בײַסנדיק די ליפּן געפּרוּװט זיך פֿון אים אַרױס־רײַסן. די ייִנגערע איז מיט אַן אָפֿן מױל, װי נישט קאָנענדיק כאַפּן דעם אָטעם, געלעגן אַ פֿאַרשטאַרטע אָנגעשפּאַרט אױפֿן קאָמאָד.

כ'האָב אײַנגעטלעך שױן דאָ אױפֿן אָרט פֿאַרשטאַנען מײַן פֿעלער און, װי פֿרוּװנדיק זיך צוריקציִען, האָב איך באַפֿױלן אַרױפֿשלעפּן דעם סטאַראָסטע אױפֿן שליטן. מײַנע יאַטן האָבן שױן אָבער בלױז אַ פּגר אַהין אַרײַנגעװאָרפֿן. בין איך װידער אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿאַרצװײפֿלונג, זיך װידער געכאַפּט צום נאַגאַן און װי װעלנדיק זיך אַלײן פֿאַרטרײַבן, האָב איך אַרױסגעלאָזן דעם גאַנצן באַראַבאַן קױלן. ערשט דאַן בין איך אינגאַנצן געקומען צו זיך. אױף אַ שטיק װײַסער לײַװנט האָב איך מיט טרײסלענדיקע הענט אָנגעשריבן: „אַזױ װעלן מיר טאָן מיט אַלע אונדזער שונאים" און באַפֿױלן פֿירן די פּגרים צום טראַקט. דאָרט האָבן מיר זײ אױפֿן סאַמע מיטן אַרױסגעװאָרפֿן, צושפּיליענדיק צו זײ דעם לײַװנט מיט דער צושריפֿט.

אױף דער באַזע בין איך געקומען שױן אינגאַנצן אַ ניכטערער. כ'האָב זיך געמאָלדן צום קאָמאַנדיר: אַזױ און אַזױ, באַפֿעל מיך צו אַרעסטירן. און ער, — אָנשטאָט זידלען מיך אױף זײַן שטײגער האָט

גזלניש־קאלט גענומען ארויסלייגן מיר אין וואס איך בין שולדיק: אז און אגענט פון שונא האב איך אנגעטרייט דעם אויסשפיר, און דאס ביים סאמע טראקט, האט ער אזוי „געשפירט" אז ער האט אזש געניי זיך דערוווסט, וווּ איז אונדזער באזע — דאס איז איינס; אז אנשטאט אים צו ברענגען א לעבעדיקן, ער זאל אונדז געבן לשון, האב איך אים אין דער ערד אפגעשיקט א שטומען — דאס איז צוויי; אז אנשטאט צון ברענגען די „פריילינס" צו אונדז און דורך זיי ציען דאס שנירל נאך ווייטער, האב איך אים איבערגעריסן ביים סאמע אנהייב — דאס איז דריי. דריי פארברעכנס, פאר וועלכע ס'קומט מיר דריי מאל צו דריי גראם בליי. קלאר! און באלד הייסט ער מיך גיין צו זיך אין הייל זיך אויס־שלאפן. . . . . . . . . . . . . . .

מיד האבן מיר פון טיפן שניי געשלעפט די פיס. די געלענקען האבן ווי געטאן. טראפנס שווייס האבן זיך געגאסן פון הינטער די ווינטער־היטלען. פון מזרח־זייט האט גענומען שארייען אויף טאג, און מיר האבן דערזען די קאנטורן פון א געדיכטן וואלד. ס'איז אונדז מיט א מאל לייכטער געווארן צו שלעפן די לאסט פון די אייגענע קערפערס. גער דוכט האט זיך אויך, אז לויטערער איז געווארן דאס פארחושכטע פנים פון אונדזער „דייטש", וועמען ס'איז אוודאי, נאכן ארויפרעדן זיך, לייכ־טער געווארן אויפן הארצן.

# דער אורטייל

געווען איז ער, דער אורטייל, ביז גאָר לאַקאָניש, אָן אַ שום מאָטיווירונג: „די פּאַרטיזאַנער ריווע יאַכעס ווערט איבערגעשיקט פון דער ווירטשאַפט־קאָמאַנדע אין דער דיווערסיע־גרופּע". און שוין, דאָס איז אַלץ.

דעם נאָמען ריווע יאַכעס האָט מען אין דעם אָפּטייל צום ערשטן מאָל געהערט, טאַקע בעת דער קאָמאַנדיר האָט געלייענט דעם אורטייל. חדשים לאַנג האָט זיך ביי דער קיך געפּאָרעט אַ מיטלייאָריקע פרוי, וואָס מ'האָט נישט געוווּסט ווער זי איז און פון וואַנעט זי קומט. מ'איז צוגעוווינט געוואָרן, אַז ווען מען זאָל זיך נישט אַראָפּלאָזן אין טאָל — ביינאַכט, ערב אַוועקגיין אויף אַן אָפּעראַציע, צי פאַרטאָג, נאָכן מידן דערשלעפּן זיך אַהער פון ווייטע, געפערלעכע וועגן — שטענדיק צו זען „די שטומע" (אַזוי האָט מען זי צווישן זיך גערופן) אויף איר פּלאַץ, ביי דער קיך, שטענדיק פאַרטאָן מיט שאָבן, רייניקן, קאָכן.

און אַנדערש מאָל וואָלט עס אַ שטיקל רושם געמאַכט: אַ יידישקע נאָר! די מוראדיקע אויסגעהאָרעוועטקייט אויף איר צעקנייטשט פּנים האָט ניכער עדות געזאָגט וועגן אַ לעבן פון שווערער דינסט אין אַ פּריצישן מאַיאָנטעק. אַ רושם וואָלט אויך געמאַכט דער אָנזאָג פון קאָמאַנדיר, אַז די אוינציקע פרוי אינם אָפּטייל וועט מער נישט זיין אויף דער קיך, נאָר מענער גאָר וועלן פון היינט אָן שיילן קאַרטאָפל, קאָכן וואַרעמס און וואַשן וועש.

איצט האָט עס אָבער קיינעם נישט געחידושט. מ'האָט אפילו קיין טענות נישט געהאַט, ווען דאָס שטענדיק געשמאַקע פאַרנאַכטעסן איז דאָס מאָל חלשות געווען און אויך נישט געסטאַיעט פאַר אַלעמען. דאָס

געשעענע האט ביי אלעמען דעם אפעטיט פארשלאגן. שטיל איז מען זיך פונאנדערגעגאנגען, ווי איינער האט באדארפט.

אויפצומארגנס אין אוונט, ווען די דיווערסיע־גרופע איז ארויס פון דער באזע, האט דער קאמאנדיר מיט זיין אדיוטאנט, פעדקען, זי ארויס־באגלייט ביז דעם וואלד־פונקט, שטיל יעדן געדריקט די האנט און בלויז ריוועו צוגעווארפן א ווארט:

— דער קאמיסאר האט גוט געזאגט... מה, ווי ער האט געהייסן!

— — —

געענדיקט וואלט עס זיך מסתמא ווי שטענדיק: יעדער איינער פון די דריי וואלט לויט דער ריי געכאפט א קויל, און אן עק. אפשר וואלט מען זיך נאך א שפיל געטאן מיט זיי. צו גרויס איז דער פארדרוס געווען. ביי קיינעם פון די געכאפטע היטלעריסטן האט מען קיין איין קויל נישט געפונען. אפילו די פיסטאלעטן זיינען געווען הוילע. ס'איז קלאר: זיי האבן געשאסן ביז צום לעצטן און זיך אונטערגעגעבן ערשט דער־מאלט, ווען זיי האבן שוין קיין ברירה נישט געהאט. און דא, פארן שטאב, מענהט יעדער פון זיי, אז זיי זיינען גאר לעמעלעך. סך־הכל האבן זיי געוואלט אליין זיך אונטערגעבן, די מלחמה איז זיי נמאס. און דער עיקר — „היטלער קאפוט".

דעם עולם האט עס אונטערגעהויבן פון ארט. אזעלכע הורן־זין! כאטש גיי און טראג זיי נאך אונטער א חזיר־קאטלעט און קלאפ זיי איבער דער פלייצע, די בראווע יאטן — אט ווי די גאנצע מעשה מיטן דערהרגענען הייגט איינעם פון די בעסטע דיווערסאנטן וואלט צו זיי קיין שום שייכות נישט געהאט.

דאך איז דער עולם סטאטעטשנע געשטאנען און זיך איינגעהערט צום קאמיסארס געדולדיקן, כמעט העפלעכן פארהער. בלויז זיין פאר־טייטשן האט מען רוזהדיק באגלייט מיט גלייכווערטלעך און פילגארנדיקע „ברכות", וואס האבן קענטיק אומרואיק געמאכט די היטלעריסטן. אזוי וואלט מען אוודאי געשטאנען און זיך אדורכגעווארפן מיט ווערטלעך, ביז ס'וואלט געקומען דער געווינלעכער פסק, און עס וואלט זיך, ווי דער שטייגער, ווער עס איז געמאלדן „נא אכאטניקא", כדי א סוף צו מאכן צום ענין. איז אבער געשען אזוינס, וואס האט דעם גאנצן עולם מיט דעם שטאב איינאיינעם געפלעפט.

קיינער האט נישט געהערט און נישט באמערקט, ווי „די שטומע"

האָט זיך צוגעשליכט צום געזעמל אַרום שטאָב. מען האָט פּלוצעם דער־הערט אַן אָפּגעהאַקט, ספּאַזמאַטיש רעווען און אַ טויבן אָפּהילך פון האַסטיקע קלעפּ. ערשט ווען איינער פון די היטלעריסטן האָט מיט משוגע־נער רציחה זיך געלאָזט זיגזאַגאַרטיק לויפן פאָרויס, האָט אים אָנגע־יאָגט אַ קורצע אויטאָמאַטן־סעריע און דער עולם האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. עמעץ האָט זיך געוואָרפן צום קויל אויף דער ערד און מיט כוח אַוועקגעשלעפּט פון דאָרט „די שטומע", וואָס האָט עקשנותדיק נישט געוואָלט אָפּרייסן אירע הענט, איינגעקראַמפּטע אינעם גוף פון דעם היטלעריסט. דאָ ערשט האָט מען באַמערקט איר משוגעדיק פאַרענדערט פּנים. די סמאַליענדיקע אויגן האָבן עזותדיק געקוקט אויף אַלעמען און אַ צעהיטערע רויטקייט האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים, פאַרטרייבנדיק פון אים יעדן סימן פון זיין געוויינלעכער בלאַסקייט.

— אונטער אַ וואָך! — האָט אַרויסגעקייכט דער קאָמאַנדיר.

פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געוואָרפן צום איינציק לעבעדיקן היטלעריסט.

— כ'מיין זי! — האָט דער קאָמאַנדיר אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף ריווען — און שוין עטוואָס באַרואיקט צוגעגעבן:

— אַ משפּט איז אַ משפּט! זאָל קיינער נישט מישן זיך, ווו מען דאַרף נישט...

— — —

דערציילט האָט עס נאָכדעם דער וואַכמאַן, און מענטשן האָבן שוין געוווּסט, אַז ס'איז אמת:

באַריידעוודיק איז „די שטומע" ווי צוויי אַראַטאָרס. אין אָנהייב האָט דער וואַכמאַן נישט אויפגעכאַפּט קיין שום וואָרט פונם קאָמיסאַרס רייד, ווען ער איז אין יענער נאַכט אַריין אינעם אַרעסט־הייל. בלויז ריווע האָט גערעדט. און גערעדט האָט זי אַזוי, ווי נישט זי וואָלט באַדאַרפט גער משפּט ווערן, נאָר ער, דער קאָמיסאַר.

אַזוי האָט זיך דער עולם גענוי דערוווּסט ריוועס וועג צום וואַלד מיט איר איינציק קינד, אַ דערשאָסנס, אויף די אָרעמס. דאָס האָט איר פּיצל אויפגענומען די קויל, וואָס די „אויסזידלער" האָבן געשיקט אין ריווען, בעת זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון געטאָ. און נאָכדעם — ריוועס גאַנג איבער דערפער און וועלדער, מיטן טויטן קינד אויף די הענט און

מיט א צעברויזט, צעווילדעוועט האריז, וואס האט זי געפירט דורך טויט־געפארן איזש ביז אהער. און דא איז אויסגעוואקסן דער פארדרוס: א קעבין האט מען זי געהייסן זיין, א וועשין... האט זי געטאן, געהארע־וועט — אויף צו להכעיס זיך אליין. איצט איז א סוף! גענוג! זאל מען זי משפטן...

און דאס האט אויך דערהערט דער וואכמאן. ס׳איז געווען אן אפּ־געהאקטער שפרונג פונם קאמיסאר, און געקוקט האט ער זיין ... אן אורטייל, סיי א באפעל, און געזאגט האט ער אזוי:

— דו וועסט גיין און דו וועסט משפטן!

# די טשעכישע ביקס

אין אליעמען איז שולדיק געווען די טשעכישע ביקס. וויפל האָט עס זיך צייליע באַטווינקט אָנגעשמאַרדעוועט, ביז איר האָט זיך איינגעגעבן אַרויסטראָגן די דאָזיקע ביקס פון די דייטשישע געווער־וואַרשטאַטן. וויפל טויט־שרעק איז איר אויסגעקומען דורכצולעבן, ביז זי האָט די ביקס דורכגעטראָגן דורך די היטלערישע קאָנטראָל־פּונקטן, דורך די שומרים ביי די געטאָרטויערן און נאָכדעם דעם גאַנצן וועג, ביז זי איז געקומען אין פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל! און אַז זי איז שוין אין אָפּטייל געקומען, איז דער פיינפּולער וועג פון דער אייגנטימערין פון דער שקאָר־דאַרביקס, נאָך נישט געווען פאַרענדיקט. ס'האָבן זיך אויף דער ביקס געפונען צענדליקער בעלנים. וואָס אמת איז אמת: דאָס איז געווען אַ פיינע כלי, און צייליע האָט צו איר אויך היפּש קוילן געבראַכט, און דאָ זיינען נישט פאַראַן ווייניק פּאַרטיזאַנער אָן געווער. האָט מען זיך גענומען משפּטן צו צייליען: „דיין זאַך איז זיך פאַרנעמען מיט ווייבערישער אַרבעט. פאַראַן אַ וועלט וואָס צו טאָן: קאָכן וואַרעמס, וואַשן וועש, היטן קראַנקע. די ביקס גיב אָפּ אונדז, די מענער. מיר וועלן מיט איר שלאָגן די היטלעריסטישע ברואים". און צייליע טענהט כסדר דאָס אייגענע: ניין און ניין! זי האָט די ביקס אויסגעהיט און מיט איר דורכגעמאַכט ביי אונדערהאַלבן הונדערט קילאָמעטער, נישט כדי צו שטיין ביי דער קיך, נאָר כדי מיט איר צו שיסן. דער ענין איז דערגאַנגען אפילו צום קאָמאַנדיר פון אָפּטייל.

צייליע איז אויף אירס באַשטאַנען, און די נייאינקע טשעכישע ביקס איז ביי איר געבליבן. זי איז געוואָרן איינע פון די דיווערסאַנטינס אין דער אויפרייס־גרופּע פונם לייטענאַנט אהרן שמושקעוויטש.

כדי זיך צו דערקלייבן צו די סאַמע באַוואַכטסטע פּונקטן פונעם היט־לערישן טראַנספּאָרט, דאַרף מען אַ חוץ דרייסטקייט פאַרמאָגן אויך אַ

סך געשיקטקייט און נאָך מער — פֿאַרביסנקייט. ס׳גייט דאָך וועגן טרעפֿן דעם שונא אין איינעם פֿון זיינע פֿילבאַרסטע ערטער...

פֿאַרן ערשטן דיווערסיע־אַקט האָט די גרופּע אויסגעקליבן די באַן־ליניע, האַרט בײַ אַ גרויסער פּראַכט־סטאַציע. ביז דאַן זיינען אויף דעם דאָזיקן אָרט נאָך קיין דיווערסיע־אַקטן נישט געווען.

ציליע גייט אויסשפּירן דעם אָרום. פּראָזשעקטאָרן באַלייכטן די גאַנצע געגנט. די היטלעריסטן זיינען וואַך. אָבער נישט אויף אַזויפֿיל, זיי זאָלן באַמערקן דאָס שטילע צושלײַכן זיך פֿון אַ קליינע גרופּע פּאַרטיזאַנער. דעם אויפֿרייס־מאַטעריאַל לייגט אונטער אהרן. ציליע העלפֿט אים. זי לייגט אויף די רעלסן גופֿא און כאַפּט מיטן אויער דעם מינדסטן שאָרך. דוכט זיך, אַז ס׳וועט זיין מיט מזל. דער קוים הערבאַרער ציטער, וואָס גייט דורך די רעלסן, איז אַן אָנזאָג, אַז עפּעס באַוועגט זיך שוין איבער זיי. ס׳דויערט נאָך היפּש צייט, ביז מען קען שוין פֿונדערווייטן דערהערן דאָס סאָפּען פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו. אַ סימן — ס׳גייט אַ שווערער בעל־דבר.

אַזוי איז ווירקלעך געווען. זיכער און זאָרגלאָז (קיין וועלדער זיינען דאָך דאָ נישטאָ) האָט דער שווערער טראַנספּאָרט זיך דערנענטערט צו דער באַן־סטאַציע. ער איז אָבער שוין אהין נישט דערגאַנגען. דער לאָקאָמאָטיוו צוזאַמען מיט 22 וואַגאָנעס לעבעדיקער און טויטער משא זיינען צונויפֿגעקוועטשט געוואָרן אין איין גרויסן הויפֿן. די באַן־באַוועגונג איז אויף דעם דאָזיקן וועג־אָפּשניט פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אויף גאַנצע 48 שעה. אין מלחמה־צייט האָט עס אַ שטיקל באַדייטונג...

דער קאָמאַנדיר פֿונם אָפּטייל גייט אָרום אַ שטאַרק באַזאָרגטער: לויט די מעגלעכקייטן, וואָס דער אָפּטייל פֿאַרמאָגט, האָט אין משך פֿון חודש געזאָלט געפּטרט ווערן אַזויפֿיל און אַזויפֿיל אויטאָמאַשינעס פֿונם שונא. און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, עס גייט נישט!

ווען ציליע מיט דער דיווערסאַנטן־גרופּע איז אַוועק צו דער אייזנבאַן־סטאַציע זיעלאָנע צו פֿאַרמינירן דעם וועג, האָט זי אין האַרצן געטראָגן דעם ווונטש: זאָלן אויף דער מינע אָנשפּרינגען וואַגאָנעס מיט אויטאָמאַשינעס. איז דער ווונטש געבליבן בלויז אַ ווונטש: אָנגעשפּרונגען איז אַן עשאַלאָן מיט לעבעדיקע היטלער־יונגען. פֿאַרפֿאַלן, איז עס אויך פּאַרטיזאַניש ברויט.

ערשט אין אַ חודש אַרום, ווען זיי האָבן געמאַכט דעם דריטן אויפֿרייס, זיינען בײַ דער אייזנבאַן־סטאַציע קרייזשאָווקע ליגן געבליבן 12

פלאטפארמעס מיט דייטשישע אויטאמאשינעס, נאר וואס פון פאבריק ארויס.

פארטיזאנישע אויפרייסער ווייסן זייער גוט: קריכסט פון דער הויט ארויס, מיידסט אויס כיטרע מניעות אויפן וועג, שוצגרייבער, לויער־פונקטן, פארצוימונגען, מינעס, דערגייסט שוין ביז דער באן און — גאר נישט, ס׳גייט נישט!

ס׳דערנענטערט זיך דער יארטאג פון דער גרויסער סאציאליסטישער אקטאבער־רעוואלוציע. פאראן א פארטיזאנישע טראדיציע: אין דעם טאג מוז עס הילכן! פינף מאל פרוווט ציליעס גרופע צוגיין צום אויפרייס־אביעקט. אמת, אין ארט האבן זיי אויסגעקליבן גאר א געפערלעכעס: צווישן אן אייזנבאן־בריק און א פראזשעקטאר־פונקט. זיי האבן שוין באוויזן אונטערלייגן דעם טאל און פלוצעם, ווי פון אונטער דער ערד — „האלט!“. ציליע האט זיך נישט פארלוירן. זי האט באוויזן דעם טאל (דאס טייערסטע פאר א פארטיזאנישן מינירער) ארויסצוכאפן. עס פליען ראקעטעס, און ארום ווערט ליכטיק, ווי ביי טאג. אויטאמאטן און קוילן־ווארפערס האבן די געגנט ארום באווארפן מיט טראסירנדיקע קוילן. די פארטיזאנער־גרופע איז ארויס גאנץ פון דעם האזיקן גיהנום. וואס טוט מען ווייטער? איז געבליבן: אין לאגער קערט מען זיך נישט אום. מיט קיין ליידיקע הענט קומט מען נישט צוריק!

לאנג האט די גרופע געלויערט אויף דעם אייזנבאן־וועג און ערשט פינף טעג נאך יום־טוב באוויזן אפצוטאן איר ארבעט. טאקע מיט א פאר־שפעטיקונג, אבער מיט א רואיקן און ריינעם געוויסן האט מען ראפאר־טירט דעם קאמאנדיר: באוויזן צו פטרן אן עשאלאן פון 27 וואגאנעס מיט פאשיסטישע פראנטבאנדיטן, וועלכע זיינען צוליב „באזונדערע פאר־דינסטן“ געפארן אויף אורלויב קיין דייטשלאנד. די פארטיזאנער־גרופע האט זיי געגעבן אן אנטערמיניקן אורלויב...

אוודאי איז אפקאכן א ביסל געקעכטס פאר פארטיזאנער זייער א וויכטיקער ענין, אויסוואשן א העמד איז פשוט א חברישער חוב. ציליע באטווייניק פלעגט עס אין יעדער פרייער מינוט טאן גערן, פון גאנצן הארצן. אבער פטרן פינף עשאלאנען פון שונא איז אויך אן ענין, באזונ־דערס פאר א פרוי, וואס האט אין אונטערערד פון געטא געטרוימט וועגן יענער מינוט, ווען זי וועט פון איר נייער טשעכישער ביקס שיסן קוילן אין הארץ פון די מערדער, וועלכע האבן אומגעבראכט איר גאנצע משפחה.

# דער פּרעזידענט פון אונדזער הויפּט־שטאָט

וואָלט עס געמעצער אַן אַנדערער געווען, וואָלט ער זיכער שלעכט אָפּגעשניטן. טעוול איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ חוזק־ווערטל אויף זיין חשבון פונם בריגאַדע־קאָמיסאַר סאָבאַטשיק, און מיט אַ צענדליק גרינג־שעצנדיקע בליקן מצד אַנדערע שטאַב־מיטגלידער. מיט אַ געמאַכטן לעך־קישעוואַטן שמייכל האָט עס טעוול כלומרשט פאַר ליב אָנגענומען, אַראָפּ־געשלונגען און שטום געבליבן זיצן אויף דער טאַבורעטקע, אין סאַמע עק פון דער אָנגעפּראָפּטער און אָנגערויכערטער פויערישער כאַטע.

אוודאי וואָלט טעוולען, דעם אַדיוטאַנט פונם בריגאַדע־קאָמאַנדיר וואָסילעווסקי, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, נישט געבעטענערהייט זיך אַריינ־צומישן אין דעם אָנגעשטרענגטן שמועס ערב דער גרויסער שלאַכט. זיין זאַך האָט ער גוט געקענט: אויפן ווונק פאַרשטיין באַפעלן, אויספילן זיי און באַלד מעלדן: אַזוי איז עס, חבר פּאָלקאָווניק! אוודאי וואָלט ער אויך איצט נישט געוואַגט דאָס מויל צו עפענען. האַנדלט זיך עס אָבער וועגן דורכפירן אַ פּלאַן, וואָס ער, טעוול, האָט מיט אַלע איינצלהייטן שוין צענדליקער מאָל פאַרגעשטעלט דעם פּאָלקאָווניק, בעת יענער איז געווען אויפגעלייגט און פלעגט מיט טעוולען פאַרפירן איינעם פון די אומענד־לעכע ביינאַכטיקע שמועסן.

טעוול האָט ליב געקריגן דעם בריגאַדעקאָמאַנדיר. אין זיין עטלעכע אומדרייסיק־יאָריקן לעבן באַגעגנט ער צום ערשטן מאָל אַ מענטשן נישט פון זיין פאָלק, צו וועלכן ער, טעוול, זאָל אַזוי, אָן אַ שום באַוואָרעניש, זיך צובינדן און פאַרגעסן ואינגאַנצן, אַז צווישן זיי ביידע שטייען פון איין זייט לאַנגע יאָרן ישיבה־לערע, בית־מדרש־סביבה, און פון דער צווייטער — פינף און צוואַנציק יאָר פּראָפעסיאָנעלע אַרמיי־דינסט: פון אַ פּשוטן סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי ביז אַ פּאַרטיזאַנישן בריגאַדע־קאָמאַנדיר. וואָסילעווסקי האָט געוויי געקענט טעוולס פאַרגאַנגענהייט. עס

האָבן אים מיט אַלע אײנצלהײטן דערצײלט די פּאַרטיזאַנער — אָפּשטאַמיקע פֿון דער געגנט, װעגן טעװלס סמיכות אויף רבנות, װעגן טעװלס אָנזעען אפֿילו צװישן פּױערים פֿון אַרום, װעלכע פֿלעגן קומען צו אים אױסלאָדן סכסוכים. פֿאַרװאָס דװקא אים האָט דער פּאָלקאָװניק אױסגעקליבן פֿאַר זײן געהילף, האָט טעװל נישט געװוּסט. צום אָנהײב האָט עס אים שטאַרק געשראָקן — װי װעט ער זיך אָן עצה געבן, נישט האָבנדיק קײן אַנונג אין װעלט־זאַכן, װער רעדט נאָך אין מיליטער־ענינים? געשראָקן האָט אים נישט אַזױ דער מעגלעכער כּעס פֿונעם קאָמאַנדיר, װי דער חוזק מצד די פּאַרטיזאַנער — אױסגעשולטע מיליטער־לײט, צװישן װעלכע אַ סך װאָלטן זיך געפֿילט גליקלעך צו זײן דעם בריגאַדע־קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט. „אַט דער חוזק זאָל חלילה, נישט טרעפֿן די איבעריקע ייִדן", האָט זיך געדאַכט טעװל, און די דאָזיקע דאגה האָט אים צוגעשמידט צום פּאָלקאָװניק, נישט אָפּצוטרעטן אַ טריט פֿון אים. און גראָד װי אױף צו להכעיס איז נישט קענטיק געװען, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל אים באַמערקן — ער האָט גאָרנישט קײן אױפֿטראַגן פֿאַר אים. ערשט שפּעט בײנאַכט, װען אַלע באַפֿעלן אױפֿן מעת־לעת זײנען געװען אַרױסגעגעבן, אַלע ראַפּאָרטן אױסגעהערט און אַלע פֿאַרבינדלער אָפּגעשיקט מיט שליחותן אין די אָפּטײלונגען, פֿלעגט דער פּאָלקאָװניק זיך אַרײנלאָזן אין אַ לאַנגן שמועס מיט זײן אַדיוטאַנט.

אַן אָפּשטאַמיקער פֿון אַ פֿאַרשיקטער אױף סיביר פּױלישער משפּחה, האָט װאַסילעװסקי געירשנט די אײגנשאַפֿט פֿון די קאַטאָרזשאַנעס — פֿרײהײטס־קעמפֿער: דערגרונטעװען זיך צו פּראָבלעמען, װאָס האָבן גאָרנישט געפּאַרט זיך מיט דעם ביז גאָר אײנפֿאַכן אַרום. און האָט װאַסילעװסקי אָנגעהױבן זײן באַליבטן שמועס װעגן הײנט, פֿאַר װעלכן ס'לױנט נישט קײן טראָפּן שװײס — װער רעדט נאָך בלוט — צו פֿאַרגיסן, אױב אין אים זײנען קײן זױמען נישט פֿאַרזײט פֿאַר אַ דערהױבענעם מאָרגן, האָט טעװל דערפֿילט אין אים די קרובֿהשאַפֿט מיט זײן אײגענער נשמה, װאָס האָט אין איר שטרעבונג צו פֿולקאָמקײט גענױט אים זיך אָפּצוזאָגן פֿון רבנות, כּדי נישט צו װערן קײן „פּראָפֿעסיאָנאַל". און כאָטש אין אַ פֿרעמדער, נישט גוט באַהערשטער שפּראַך האָט טעװל אָן אָפּהאַלט אױסגעלײגט פֿאַרן פֿאַרטרױמטן מאַן — פֿאַר דעם זעלבן, װאָס מיט אַ שעה צוריק האָט ער אײן באַפֿעל נאָכן צװײטן אַרױסגעגעבן: שיסן, חרובֿ־מאַכן, צעקלאַפּן — זײן, טעװלס, זעונג פֿונעם הײנט, װאָס דאַרף שױן פֿאַרגעלטן, הײלן, טרײסטן און דער עיקר — ראַטעװען.

ס'האָט טעוול אין גרויס איפער נישט באַמערקט די כעסדיק־צונויפגעשרומפטע קווער־קנייטשן אויפן פולקאָווניקס שטערן. ס'האָט אין דעם מאָמענט דער מיליטער־מאַן זיך צעבונטעוועט קעגן עזות־פנים־איגנאָראַנט, וואָס האָט זיך דערלויבט ספקן אין דעם ווערט פון אונדזער באַר וואָפנטן קאַמף. ער האָט אים אָבער נישט איבערגעריסן, און טעוול האָט זייִנס געטענהט:

— פאַר זיך אליין ווייסט איר האָך אַזוי ווי איך: איין ראָטע רעד גולערע ארמיי אויפן פראָנט ברענגט אום אין א טאָג מער חיילות פונם שונא, ווי מיר אלע דאָ אין וואלד אין משך פון חדשים. איז העריבער נישט דאָס קריגערישע הער עיקר ביי אונדז, ס'איז אונדזער כוח א העך בערער. מיר צעברעכן דעם בלינדן גלויבן אין דער אלמעכטיקייט פונם שונא אפילו דאָרט, וו ער איז ווירקלעך אלמעכטיק. מיר דיקטירן אונדזערע מידות און אונדזערע דינים, מיר וואַרפן אָן א פחד אויף העם פרעמדן הערשער און דערלאָזן אים נישט געפינען קיין אָנשפאַר צווישן אונדז. מיר טראָגן מיט זיך דעם גלויבן אין אונדזער איבערהאַנט, און ס'ענטפערט דער גלויביקער מענטש, אַזוי ווי אין אלע צייטן, מיט פאַרהערלעכן אין זיינע לעגענדעס אונדזער נישט באַזינגבאַרן כוח. און די האָזיקע לעגענדעס ווירקן, ווי דאָס בעסטע כלי־זיין...

בעת איינעם אַזא פיבערדיקן נאכט־שמועס האָט טעוול פּאָרזיכטיק א פרעג געטאָן דעם פולקאָווניק, ווי האלט ער פון דער מעגלעכקייט צו צעקלאַפּן דעם דייטשן גאַרניזאָן אינם שטעטל ר.

— אָפּעראַציעס מאַכן מיר א סך און צעוואַרפן איבער פאַרשידענע עקן פון דער געגנט. איז עס ווייל און גוט. אָבער דער אמתער עפעקט, וואָס זאָל אלעמען איבערציַגן אין אונדזער כוח, וואָלט געווען, ווען מיר נעמען זיך צו אָט אַזא מין עובדה...

ווי געוויינלעך, האָט טעוול גערעדט לאַנג און היציק און דערוויזן, אַז דער גאַרניזאָן אין ר. פאַרשפּאַרט אונדז דעם צוטריט צו מזרח, אַז אונדזערע דיווערסאַנטן דאַרפן אָנליגן מיילן, כדי זיך דאָרט, אויף יענע וויכטיקע באַן־וועגן, דורכרייסן. און ווידער פאַרדרייסט עס דעם פולקאָווניק, וואָס דער „ראַבינער" (ווי די פּאַרטיזאַנער האָבן טעוולען אין העך שטיל גערופן) דאַרף אים, דעם מיליטער־מאַן, אויסטייטשן וועגן דעם סטראַטעגישן באַדייט פון דעם שטעטל ר. וואַסילעווסקי איז שוין גרייט א סוף צו מאַכן צום שמועס, זאָל ער ווייסן א גרענעץ, דער אדיוטאַנט, אָבער טעוול האָט נאָך נישט געענדיקט און לאָזט זיך נישט איבעררייסן.

— איך קאָן נישט, — זאָגט ער — איך קאָן נישט איבערלאָזן פּאַר איך קיין שום נישט־דערזאָגטע געדאַנקען. יאָ, קאָמאַנדיר, ס'איז מיין שטעטל. און דאָרט, אין געטאָ זייַנען געבליבן מענטשן, וואָס דערוואַרטן פון מיר, פון אונדז פאַרגעלטונג, טרייסט, דערלייזונג...

טעג זייַנען פאַרביי, און טעוול האָט צוגעזען, ווי זיין טיפּסטער באַגער הייבט אָן באַקומען דאָס פּנים פון אַ גענוי־פונאַנדערגעאַרבעטן שלאַכטס־פּלאַן. ער האָט עטלעכע מאָל באַגלייט דעם בריגאַדע־קאָמאַנדיר אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווי ס'זייַנען פאָרוור־שלאַכטן געמאַכט געוואָרן. טעוול אָריענטירט זיך שוין אויסגעצייכנט אין אַלע דעטאַלן פונם פּלאַן. ער ווייס פּעלערן, וואָס ווערן בעת די פּרוון געמאַכט. בייטאָג איז ער אָבער בלויז אַדיוטאַנט און שטייט דיסציפּלינירט־שווייגנדיק צום דינסט פונם פּאָלקאָווניק. ביינאַכט ערשט טיילט ער זיך מיט זיין פרייַנד וואַסילעווסקין מיט זייַנע באַמערקונגען, לייגט פאָר קאָרעקטיוון און ס'באַמערקט אַפילו נישט דער פּאָלקאָווניק, ווי ס'איז פאַרשווונדן זיין אַמאָליקער פאַרדרוס, ווען טעוול פלעגט אַ וואָרט זאָגן וועגן „זייַנע", דעם קאָמאַנדירס, מיליטערישע ענינים.

אויך אויף דער לעצטער באַראַטונג אין דער פריערישער כאַטע, אויף אַ האַלבן וועג פונעם שטעטל ר., ווען טעוול האָט נישט געבעטענערהייט אַרייַנגעוואָרפן זיין וואָרט, אַז אין פּלאַן פעלט דער עיקר: (אַז ער ווייס געלינגען — וועגן דעם האָט טעוול נישט געספּקט) — ס'פעלט דאָס באַהערשן די לאַגע נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן, האָט דער קאָמאַנדיר זיין וואָרט אויפגענומען אַזוי, ווי אין די אָפטע אונטערשמועסן. בלויז איינער פון די שטאַב־מיטגלידער האָט אים אומגעריכט צוריקגעשטויסן אָפּן טאַבורעט מיט זיין שפּאָטישן ענטפער:

— דיך וועלן מיר דאָן באַשטימען אַלס שטאָט־פּרעזידענט...

און אַ פּאָר צענדליק אויגן פון די אָפּטייל־קאָמאַנדירן האָבן אים דורכגענומען מיט זייער חוזק־אָפּשיין. אַן אָפּגעקילטער איז טעוול געבליבן זיצן און נישט געהערט אַפילו דעם פּאָלקאָווניקס טענה, אַז „אָן אַ שפּאַס — מיר מוזן עס פאַררויסזען", אַז ביז איצט האָבן מיר קיין שטעטל נישט באַהערשט, און ס'גייט דאָך נישט בלויז וועגן צעקלאַפּן דעם גאַרניזאָן...

ס'האָט טעוול אַפילו נישט קלאָר באַנומען דעם לעצטן באַפעל, וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט איבערגעגעבן פאַר די קאָמאַנדירן פון אַלע שלאַכטאָפּשניטן, ווו ס'איז אויך זיין נאָמען דערמאָנט געוואָרן. אַ לעצטער האַנט־דרוק פונם קאָמאַנדיר — און ער האָט ערשט קלאָר באַנומען:

ער, טעוול שימאָנאָוויטש, דער אדיוטאנט פון פּאָלקאָווניק וואסילעווסקי, איז אין באפעל פאר דער גאנצער בריגאדע באשטימט געוואָרן אלס מיליטערישער קאָמענדאנט פונם באפרייטן שטעטל ר.

* * *

אויפן הויכן ברעג פונם שטילן שטאָטישן טייך איז א בערגל געווען אויפגעשאָטן און אויף אים — א טאָוול מיט אן אויפשריפט:

> דאָ ליגט דער העלדישער פּארטיזאַן
> טעוול שימאנאָוויטש
> אומגעקומען אין דער שלאכט
> פאר באפרייען זיין היימשטעטל

א סך מאָל האָבן די היטלעריסטן געפּרוווט אָפּנעמען צוריק דאָס שטעטל ר., וואָס איז נאָך דאן ווייט געלעגן פון די פאָדערשטע פראָנט־פּאָזיציעס. אָפטמאָל פלעגט זיי געלינגען אפילו אויף א לענגערער צייט זיך דאָרט צוריק צו באזעצן. אויך דאן פלעגט דאָס שטעטל נישט אנדערש גערופן ווערן דורך אלעמען אין דער געגנט, ווי „די פּארטיזאנישע הויפּט־שטאָט”. ווי נאָר די היטלעריסטן פלעגן פארטריבן ווערן, פלעגן טאָג און נאכט קומען און אוועקגיין און ווידער קומען פּארטיזאנישע אָפּטיילן, זיך באזעצן אין נאָרמאלע מענטשלעכע דירות, גיין צו געסט צו דער שטעטלשער באפעלקערונג, פון דאנען זיך פונאנדערגיין איבער דער גאנצער געגנט, כדי דורכצופירן שלאכטאָפּעראציעס און אהער ברענגען די ערשטע ידיעות וועגן נצחונות און פארלוסטן.

און יעדע איינע פּארטיזאנישע גרופּע האָט געהאלטן פאר איר חוב פריער פאר אלץ צוגיין צו דעם קבר פון דעם „פּרעזידענט פון דער הויפּט־שטאָט”.

# דער אַלטער שמעון דערציילט...

געוויינלעך, ווען ס'צעברענט זיך דער פּאַרטיזאַנישער שייטער, ווערן די געמיטער מילדער. מען זעצט זיך אויס אַרום, ענג צונויפגעפּרעסט איינער צום צווייטן, און מ'קוקט נאָך מיט משיקאַווע, ווי פיין עס צעשיקעט זיך אַ צוגעוואָרפן גרין סאָסנע־צווייגל. פון צייט צו צייט וואַרפן צו די הענט, כמעט מאַשינעל, אַ טרוקן צווייגל, און אויסגעקאַרמשעטן פּניאָק. אָפּט ווילט זיך גאָר נישט רירן פון אָרט. די אויגן זיינען האַלב צוגעמאַכט. דאַן הייבט זיך אָן דאָס באַליבטסטע אין די קורצע פּאַרטיזאַנישע אָפּרו־מינוטן: דער אָנערקענטער מעשה־דערציילער הייבט אָן זיין „אַמאָל איז געווען...".

דער שייטער האָט זיך שוין גאָר לעבעדיק צעברענט, און קיינעם פון דער מחנה געטאָ־יידן, וואָס זיינען אָנגעקומען אין קאָלאָדינער וואַלד, ווילט זיך גאָר נישט צוזעצן אַרום אים. דאָס געמיט איז ביז גאָר אויפגעבריזשט — מ'האָט נאַרוואָס אין פייער געוואָרפן די געלע לאַטעס, מ'האָט נאַרוואָס אויסגעהערט גאָר האַרטע רייד פונם קאָמאַנדיר ישראל לאַפּידוס, וואָס האָט דערקלערט דעם געזעץ פון אומבאַרמהאַרציקן קאַמף און גרענעצלאָזער נקמה. יעדער ווייסט: דער וועג אויף צוריק איז אויף אייביק אָפּגעשניטן. אָבער דאָרט, אין געטאָ, איז ביי לייזער לאַסיקן געבליבן די מאַמע מיט אַ קליין שוועסטערל. ווער ס'האָט אַ טאַטן געלאָזן, ווער אַ מאַמען, אַ פרוי, ברידער, שוועסטער — איז ווי וועט עס זיין?

ישראל לאַפּידוס זאָגט: לאָמיר זיך גוט באַוואָפענען, לאָמיר אָנהייבן דעם קאַמף, צוליב וועלכן מיר זיינען אַהער געקומען, — דאַן וועלן מיר באַוויזן ברענגען צענדליקער און הונדערטער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער.

ס'ווערט לייכטער אויפן האַרצן, מען זעצט זיך צו צום שייטער, און איינער פון די עלטסטע פון דער מחנה — שמעון לאַפּידוס — הייבט אָן

זיין מעשה וועגן דעם, ווי אזוי ס'איז געווען אמאָל, מיט א יאָר עטלעכע און צוואנציק צוריק, ווען ער, שמעון, איז צום ערשטן מאָל אוועק פאַרטיזאנעווען אין די ווייסרוסישע וועלדער.

— ...דאָס יונגע סאָוויעטישע לאנד איז באלאַגערט געווען פון אלע זייטן — ס'איז געווען דאָס שווערע קאמפּס־יאָר 1919. מיר זעען דעם שונא, ער אונדז — נישט. האָבן מיר אים אָנגעטאָן אזויפיל צרות, אז ער פלעגט פארזאָגן א צענטן ווי זיך צו באווייזן אין אונדזערע מקומות. ס'וועט אויך איצט זיין אזוי. מ'דאַרף בלויז דאָס אייג און דעם אויוער שטענדיק האלטן אָנגעשפּיצט, און די קויל אין ביקס — טרוקן און ריין. אָט למשל...

ס'ליגן יאטן צו און אָנגעשטרענגטן אויער, כדי צו הערן שמעונס משל. האָבן זיי אים אָבער דאָס מאָל נישט געהערט. זיי האָבן אים דערפאר דערזען, באשיינפערלעך דערזען, מיט די אייגענע אויגן...

ס'איז געקומען דער באפעל פונם קאָמאנדיר: זיין גרייט צום קאַמף!

זעכציק מאן, באוואָפנט מיט ביקסן און מיט פיר קוילנווארפערס, זיינען אוועק צו דעם שאָסיי־וועג, וואָס פירט פון פּוכאָוויטשי קיין סטאַריע דאָראָגי. ביים דאָרף אָמעלנע האָט מען זיך פארטייעט, פארמאַסקירט און געדולדיק („דער עיקר איז געדולד!" — זאָגט דער דערפארענער אלטער פארטיזאן שמעון) געוואַרט... און זיך דערוואַרט.

ניין לאסט־מאשינען מיט פון קאָפּ ביז די פיס באוואָפנטע געסטאַפּאָוצעס זיינען געפאָרן מיטן טראַקט דורכצופירן זייער געוויינלעכע טאָגטעגלעכע בלוטיקע מלאכה אין די ארומיקע ווידערשפעניקע דערפער. זיינען זיי געפאָרן, געפאָרן און... נישט דערפאָרן.

— פייער! — האָט באפוילן דעם קאָמאנדיר ישראל לאפידוס. נאָך דעם ערשטן קנאל האָבן די טעפּלעפּטע פאשיסטן גענומען פליען פון די מאשינעס. זידלעריען און קרעכצעניש פארהילכן דעם ארום. זיינען די פארטיזאנער נעענטער צו, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א געראנגל אויגנס אויף אויגנס. אברהם כאַליאוווסקי שפאלט מיט דער ביקס דעם מוח פון א בלאָנדער בעסטיע, און יוסף יאנקעלעוויטש שטיקט א צווייטן מיט די בלויזע פינגער. דער אלטער שמעון איז שוין אויף א דייטשישער מאַשין, און רופט:

— קוילעט, ברידערלעך! דערמאָנט זיי, ווי ס'איז געווען אין געטאָ!

פיר און זיבעציק היטלער־באנדיטן זיינען ווי די בערוועגעס געווען אויסגעלייגט אויף דעם שאָסיי־וועג. טיטש אלע האָבן אָבער אזא „מזל" געהאט — אכט זיינען לעבעדיק אריינגעפאלן צו די פארטיזאנער אין די

הענט. ווען די אכט האָבן דערהערט דאָס יידישע לשון פון די פּאַרטיזאַנער, איז זייער בלוט פאַרגליווערט געוואָרן, נאָך איידער די קויל האָט זיי אונטערגעטראָגן די פאַרדינטע שטראָף...

איינס ציימווייליקן לאַגער פונם פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל פון די געטאָ־יידן פלאַקערט פרייליך דער שייטער. כאָטש די קליידער זייגען ביי אַ סך דורך און דורך נאַס, טריקנט זיך אָבער נישט קיינער, מ׳איז אַזוי פאַרנומען, אַז מ׳האָט אָן אַלץ פאַרגעסן. וואָס קען נאָך זיסער זיין, ווי ציילן און טראָגן די גענומענע טראָפייען פון שונא, די פרייד פונם געלונגענעם נקמה־אַקט? די האָפענונג, אַז מיטן פאַרכאַפּטן געווער וועט מען באַוואָפענען אַ גאַנצע מאה נייע פּאַרטיזאַנער, האָט אָפּגעפרישט די צעוויטיקטע גלידער. מ׳האָט פאַרגעסן איינס אָפּרו, וואָס מען האָט פאַרדינט נאָך דער אָנגעשטרענגטער קאַמפּס־אָפּעראַציע.

איבער די הערצער פון דער אַרומיקער געגנט איז אַוועק אַ קלאַנג: ס׳האָבן זיך באַוויזן יידן־פּאַרטיזאַנער, וואָס גיבן צו שמעקן פולווער די רוצחים. זיי האָבן שוין באַוויזן צו פּטרן אַזויפיל און אַזויפיל עסעסאָווצעס. צו ישראל לאַפּידוסעס אָפּטייל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ, האָבן גענומען זיך ציען מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער.

* * *

פאַר פּאַרטיזאַנער איז דאָס זייער אַ שווערער ענין — אומגעריכט אויפנעמען אַן אָפענע שלאַכט מיטן שונא. ביים דער 5־טער (אָדער ווי מען רופט אים — לאַפּידוסעס) אָפּטייל אויף אַ קאַמפּס־אויפגאַבע צו דער אייזנבאַן. ביז ס׳וועט פינצטער ווערן, רוט מען אָפּ איינם דאָרף גרויסע־סענטשי. ערשט דער אויסשפּיר גיט צו וויסן: ס׳דערנענטערט זיך גאָר אַ שטאַרק באַוואָפנטער אָפּטייל פונם שונא — מיט האַרמאַטן און קוילנוואַרפער. ס׳איז נאָך פאַראַן צייט אָפּצוטרעטן, איז עס אָבער נישט אין דער געוווינהייט פון לאַפּידוסעס לייט. האָט מען אויפגענומען דעם אומגלייכן קאַמף. דער שונא שיקט ראַקעטעס, ער בעט הילף און די שכנות־דיקע גאַרניזאָנען. פון פּוכאָוויטשי קומען טאַנקען. זייגען די פּאַרטיזאַנער אָפּגעטראָטן ביזן שכנותדיקן דאָרף, זיך דאָרט פאַרפעסטיקט און דעם פילפאַך גרעסערן און בעסער באַוואָפנטן שונא נישט דורכגעלאָזן. נאָך דער העזיקער שלאַכט איז דער אָפּטייל אַוועק אויספילן די פלאַנמעסיק אָנגעמערקטע אויפגאַבע.

ווידער זיצן פּאַרטיזאַנער ביים שייטער און כאָטש מידע הערט מען אָנגעשטרענגט דעם אַלטן שמעונס מעשה:

— אַמאָל איז געווען...

# דער פּאַראַל

ליב געהאַט האָט מען אים, דעם שעף פֿון דעם אויסשפּיר, ווי דאָס לעבן. א פֿריילעכער יונג געווען. אַנעקדאָטן, גלייכווערטלעך, משלים האָט ער געקענט גאָר אָן אַ סוף. אין יעדער לאַגע — אין נחת צי אין פּיין — איז ער געווען דער, וואָס פֿלעגט זאַמלען אַרום זיך דעם עולם, פֿאַרווײַלן, גרינג מאַכן דאָס געמיט.

און דאָך האָט מען אויפֿגעציטערט, ווי נאָר דער אויסשפּיר־שעף פֿלעגט אַרויסרופֿן צו שיקן אויף אַ שטיקל אַרבעט. אויפֿגעציטערט האָט מען נישט צוליב דער שווערקייט פֿון דער אויפֿגאַבע, נישט צוליב דער געפֿאַר אומצוקומען, נאָר צוליב דעם אויסשפּירערס פּאַראָלן. ער האָט נישט געהאַלטן פֿון די געוויינלעכע, ביז גאָר איינפֿאַכע, פֿאַרטיזאַנישע פּאַראָלן. ער פֿלעגט אויסקלייבן אַזעלכע קאָמפּליצירטע, אַז יאָטן פֿלעגן גיין ווי די לונאַטיקער און דעם גאַנצן וועג זיי איינחזרן. אַ באַזונדער ליבע האָט ער געהאַט צו פּאָעטישע פּאַראָלן. ער פֿלעגט צווינגען איינחזרן אַ גאַנצע סטראָפֿע פֿון פּושקינען אָדער לערמאָנטאָוון, פֿריער פֿון אויבן אַראָפּ, נאָכדעם פֿון אונטן אַרויף. ווי איז געווען צו דעם, וואָס פֿלעגט זיי שנעל נישט אויפֿכאַפּן. דער אויסשפּיר־שעף פֿלעגט פֿון אים מאַכן אויסצודרייען.

זיצט ראַכמילקע ביים אויסשפּיר־שעף, הערט זיך איין אויפֿמערקזאַם צו יעדן וואָרט, און ס'טריקנט אים אויס דער גומען פֿון אויפֿרעגונג. וואָס וועט ער טאָן מיט זיין שוואַכן רוסיש־לשון? ווי וועט ער עס איינחזרן דעם פּאַראָל?

די אויפֿגאַבע איז אַ שווערע. דער שעף געטרויט אים, אַז ער וועט זיך אַן עצה געבן. ער איז אַן אָפּשטאַמיקער פֿון ב., און ווי מען גייט אַר־בער, זאָל נישט ווייט פֿון דאָרט זיך האָבן אַראָפּגעלאָזט אונדזערער אַ דעסאַנט. דאַרף מען זיך אַהין דערקלייבן, אָנבינדן אַ קאָנטאַקט און ווײַ־

טער אליין שוין האָבן שכל, וואָס מען דאַרף טאָן. אויפן וועג וועט ער דאַרפן אָפּטרעטן אין צוויי ערטער צו פויערים — פאַרבינדלער פונם אָפּטייל — ביי וועלכע ער וועט באַקומען געטרייערע ידיעות.

און דאָ איז דער אויסשפּיר־שעף דערגאַנגען צום עיקר — צום פאַר־ראַל! ראַכמילקע הייבט אָן צו פּלאָנטערן מיט דער צונג: ער קען קיין רוסיש נישט... פּושקינען האָט ער נישט געגלייבט.

דער שעף האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר מיטפילנדיקע אויגן און גאָר נישט ווי געוויינלעך גענומען אין אים אַריינטענהן, אַז דאָס לעבן איז פאַרבלאָז און אָרעם אָן פּאָעזיע, אַז פּושקינען דאַרף מען קענען. און אינמיטן ריידן גיט ער זיך פּלוצעם אַ שטעל אָפּ, ווי אים וואָלט עפּעס גאָר ווינטיקס איינגעפאַלן:

— שאַ, דו ביסט דאָך אַ ייד! שלום־עליכמען קענסטו? — און ווי פאַרגעסנדיק אַלץ אין אַלעמען, הייבט אָן דער שעף פונם אויסשפּיר שיטן מיט טוביה דעם מילכיקנס ווערטלעך.

כאָטש ראַכמילקע האָט נישט גלייך באַוויזן צו כאַפּן דעם זין פון די אַלע ווערטלעך אין רוסיש, פלעגט ער אַלעמאָל אויסשיסן מיט אַ געלעכטער, און דער שעף האָט, מיטלאַכנדיק, שוין געצאַילט מיט אַ נײַ ווערטל.

צום ערשטן מאָל פאַר די אַלע יאָרן אין וואַלד האָט ראַכמילקע ערשט דאָ, ביי דעם אויסשפּיר־שעף אין הייל, דערפילט די שטאַרקע בענקשאַפט נאָך אַ היימיש וואָרט. עס זיינען אים נעענטער געוואָרן די סטראָפן, וואָס דער קאָמיסאַר האָט מיט אים איינגעחזרט.

ווען ער איז צונויפגעקומען מיט זיין גרופּע אַרויס פונם וואַלד, האָט ער דעם שווערן פּאַראָל פאַרשפּאַרט שוין צו חזרן. ער האָט אים לייכט פאַר־געדענקט. די ווערטער, כאָטש אומגעוויינלעך נייע, זיינען נאָענט געוואָרן זיין געמיט.

— — —

דעם פאַרבינדלער האָט ראַכמילקע אין דער היים נישט געטראָפן. ווען ער האָט זיך געוואָלט לאָזן אין פעלד אים אויפצוזוכן, האָט אים דעם פויערס ווייב פאַרהאַלטן, געבעטן ער זאָל נישט גיין, כדי זייטיקע מענטשן זאָלן נישט דערזען. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און דער פאַר־בינדלער האָט פּאַרזיכטיק זיך אַריינגעשלייכט אין דער כאַטע. ראַכמילקע האָט ציילנדיק יעדעס וואָרט געזאָגט אים די ערשטע פראַזע פונם פּאַר־ראָל. דער פויער, נישט וואַרטנדיק ביז ראַכמילקע וועט די צווייטע פראַזע

הערזאָגן בײַזן סוף, האָט אים אַ פאַרזאַרגטער איבערגעגעבן, אַז פּאָליציי באַשטעלט איז דער געגנט, און דאָ, בײַ אים אין פעלד געפינט זיך אַ מיידל.

— זי איז אַ „דעסאַנטקע" — זאָגט זי. זי וויל נישט אָפּטרעטן, ביז כ'וועל איר נישט געבן קיין פאַרבינדונג מיט אייך.

ראַכמילקע האָט אײַליק געהייסן חעם פאַרבינדלער גיין פאָרויס. מיט דער האַנט אויף חעם אָנגעלאָדענעם פּיסטאָלעט האָט ער זיך געלאָזט נאָך אים, צום פעלד. פון חעם הײַ האָט זיך אַרויסגעשליכט אַ יונג, חנעוודיק מיידל מיט שוואַרצע אויגן, ברייט־צעשפּאַנטע ברעמען פון חיר־דוש איבער פון שרעק. ראַכמילקע האָט אויפגעהערט צו פילן דעם רעוואָלווער אין האַנט. ער האָט בעת־מעשה פאַרגעסן זײַן האַרטן באַר־שלום, וואָס ער האָט אין וועג אָנגענומען, אַז פריער פאַר אַלץ וועט ער מיט אַ קאָמאַנדירישן באַפעל פרעגן בײַ איר חעם פּאַראָל. אַנשטאָט פרעגן האָט ער אַליין אָנגעהויבן צו פליסטערן:

דיקאַ, פּעטשאַלנאַ, מאַלטשאַליוואַ,
קאַק לאַן ליעסנאַיאַ באַיאַזליוואַ *

דאָס מיידל איז אײַנגאַנצן אַרויסגעקראָכן פונם הײַ, מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פּנים איז זי שטיל אַרײַנגעפאַלן ראַכמילקען אין טאָן און אָנגעהויבן, ווי ער, שעפּטשען:

אָנאַ, וו'סעמיע סוואַיעי ראָדנאַי
קאַזאַלאַס דיעוואָטשקאַי טשוזשאַי**

באַלד האָט זי זיך הילכיק פונאַנדערגעלאַכט:

— צי דערזשע מאַקע זע איך אויס אין אײַערע אויגן אַזאַ ווילדע און דערשראָקענע? אַזאַ באַנגעניש... מיט פּושקינען... איר זײַט מסתמא אַ דיכטער?

ערשט דאַן האָט זיך ראַכמילקע געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרדרייט די יוצרות. אַ צעמישטער האָט ער קוים אַרויסגעזאָגט:

— פּאַראָל... כ'מיין, איר דאַרפט זאָגן דעם פּאַראָל...

— כ'וויס אַ סך פּאַראָלן... כ'דאַרף שנעל צו אייך — און דאָ האָט דאָס מיידל גענומען אײַליק אָפּטרייסלען פון זיך דאָס הײַ פון קלייד,

---

* ווילד, טרויעריק, שווײַגעוודיק,
ווי אַ וואַלד־גאַזעל שרעקעוודיק.
(פון א. פּושקינס „יעווגעני אָניעגין")

** האָט זי אין דער אייגענער משפּחה
אויסגעזען ווי אַ פרעמד מיידל. (דאָרט).

פון די האָר, ווי זי וואָלט שוין זיין גרייט צו גיין מיט אים. ראַכמילקע איז אײַנגעאַנצן געקומען צו זיך. פאַר זײַנע אויגן איז אויסגעוואַקסן דער שעף פון דעם אויסשפּיר. ער האָט שטרענג א פרעג געטאָן דאָס מיידל:

— צו וועמען „צו אייך" מיינט איר עס? צו דער פּאָליציי?

זי האָט ביטערע צוגעזשמורעט די אויגן, אַנשטעלנדיק זיי שאַרף אויף ראַכמילקען.

— כ'מיין טאַקע צו אייך... איר דינט דאָך אין דער פּאָליציי!

ראַכמילקע איז בלאַס געוואָרן. ווידער האָט ער דערפילט חעם פיס־טאָלעט אין קעשענע און פלאַנטערנדיק גענומען פאַרוואַרפן זי, האַלב אויף פּויליש האַלב אויף רוסיש, מיט ווערטער פון יענעם פּאַרטיזאַנישן לעקסיקאָן, וואָס בלויז איין וואַלד לאָזט זיך עס איבערחזרן. אָפּגעהאַקט האָט ער פּלוצעם, ווען צו אים איז דערגאַנגען דאָס שטילע פליסטערן פונם ווייכן מיידלשן קול:

— איך בין אויך א יידישע...

ראַכמילקע האָט א פאַרהידושטער זי אָנגעקוקט, ווי ערשט איצט וואָלט ער אירע ווירקלעך־יידישע אויגן באַמערקט.

— אוווי... אוווי... — האָט ער געמורמלט.

באַלד האָט ער זיך ווידער חערמאָנט חעם אָנזאָג פון דעם שעף: צו קיינעם קיין צוטרוי נישט האָבן, פון אַלעמען פאַרהערן דעם פּאַראָל.

— קומט מיט מיר! — האָט ער מיט געמאַכטער האַרטקייט באַפוילן

— דאָרט וועט מען שמועסן!

און אַז זיי זײַנען אַרויס צום שטעגל, וואָס פירט אין שכנותדיקן וואַלד, דאָרט, ווו ס'האָט געזאָלט זיין די גאַנצע דעסאַנטגרופּע, האָט ער אוווי, ווי נישט איר געמיינט, עטלעכע מאָל איבערגעחזרט:

— א גוטער שרייבער געווען שלום עליכם, א גוטער שרייבער...

איר געדענקט עפּעס שלום עליכמס א וואָרט? אונדזער שעף האָט עס זייער ליב...

# דער נומער איז פארטיק צום דרוק

מיט מירימס בארוועסן פוס אין דער האנט איז וולאדעק פלוצעם שטיינגעבליבן פארשטארט. מירים אליין, וועלכער האט נאר וואס, ווי געוויינלעך פרימארגן־צייט, פארענדיקט ארויסלאזן א גאנצע סעריע מיט די משונהדיקע פילגארנדיקע קללות — באשר דער קליינער ממזר לאזט אים אפילו א מינוט נישט כאפן קיין „דזשים" — האט, גארנישט ווי זיין שטייגער, נאכגייביק געלאזט הענגען זיין פוס אין וולאדעקס הענט און מיט ברייט־צעעפנטע, פון מידקייט אנגעשוואלענע אויגן זיך איינגעגעסן אין דער עפענונג פון אונדזער ערד־הייל. די שטענדיקע פלעגמאטישע זעצערקע ליזע, וואס נאך א נאכט ארבעט ביי א קאפטשערל, פלעגט זי פולשטענדיק טויב זיין צו אלץ, וואס ארום — אויך זי איז שטיין געבליבן מיט דער ווערסטאטקע אין דער האנט אויף א נישט־פארענדיקט ווארט.

אין דער שמאלער עפענונג פון אונדזער הייל האט זיך אריינגערוקט דער גרויסער, שווארץ־געקרייזלטער קאפ פון קאמאנדיר פון דער אויפרייס־אפטיילונג, האדיעס פאטאשניק.

האדיעס וויזיטן אין אונדזער וואלד־רעדאקציע זיינען קיין נאווינע נישט געווען. קוים פלעגט ער זיך צוריקקערן פון א שלאכט־אפעראציע, פלעגט ער זיך גלייך אריינשלייכן צו אונדז א צעשמייכלטער, מיט צונויפ־געזשמורעטע אויגעלעך, זיך אוועקשטעלן נעבן ליזען און וולאדעקן, אריינקוקן אין די „אריגינאלן", וואס ליגן פאר זיי, און באוואונדערן, ווי פלינק ליזע טרעפט עס אין די שריפט־קעסטעלעך, צו געפינען דאס נויטיקע אות. אזוי פלעגט ער אפשטיין א צייט לאנג, אונטערבאמקען עפעס א ניגון פון ראש־השנהדיקן פיוט, וואס ער פלעגט גלייך אפהאקן, ווי נאר מיריים האט אים גענומען צוהעלפן מיט זאגעכץ:

— אותיות פורחות באוויר...

דאָדיע פלעגט זיך דאַן מיליטעריש אויסגלייכן, אָפּגיין פון דער „קאַסע" און פאַרן אוועקגיין זיך ווענדן צו מיר מיט דער שטענדיקער פראַגע:

— ווען וועט די „אַפּישקע" זיין פאַרטיק?

אויף דאָדיעס לשון האָט אַן „אַפּישקע" געהייסן א ציימונג, א פּראָנט־באַריכט, אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע שטעט, א וואָרענונג צו די „וואַלאַסאָוועס" — אַלץ, וואָס ער און זיין אויפריסער־אָפּטיילונג פלעגט צוגלייך מיט מאָל און קוילן מיטנעמען, בעת זיי פלעגן זיך לאָזן אויף אַן אָפּעראַציע קעגן שונא.

מירימען פלעגט עס גאָר שטאַרק פאַרדריסן: אַן אַפּישקע גאָר! אַזאַ מין גרינגשעצונג צו אַן אַרבעט, וועגן וועלכער דער פּאַרטיזאַנער־געגנער ראַל אַליין פלעגט זאָגן, אַז „א הייליקע אַרבעט טוט איר, ברידערלעך, יעדער אות — איז א שאָשקע טאָל". פלעגט ער טאַקע קיינמאָל נישט דורכלאָזן, מירים, די געלעגנהייט צו ענטפערן מיט א שטאָך:

— קאָמאַנדיר, מען זאָגט, אַז דו האָסט געהאַט א געלונגענע אָפּעראַציע: האָסט גוט אונטערגעריסן... חעם אויטאָריטעט דיינעם...

דאַסמאָל וואָלט מירים זיכער מוחל געווען דאָדיען, וואָס ער זאָל נישט זאָגן, אָבער דאָדיע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף חער קאַיקע, עקבערט מיטן קנאָפּל די ערד און שווייגט. פּאַמעלעך האָט זיך מירים אַראָפּגעשלייכט פון געלעגער און שטיל, נישט אַרומוואַשנדיק זיך אפילו, זיך אוועקגעשטעלט ביי חער „קאַסע".

— האָסט עפּעס צום זעצן, רעדאַקטאָר?

— באַלד וועט לודע ברענגען חעם פּראָנט־באַריכט. א גאַנצע נאַכט האָט זי זיך אָפּגעמאַטערט און גאַרנישט געקענט אויפנעמען. די יעקעס שטערן...

דאָדיע האָט זיך גענומען אָנגעשטרענגט צוהערן צו אַנדזער שמועס. פּאַמעלעך איז ער צו צו מיין אימפּראָוויזירטן רעדאַקציע־טיש און האָט, באַפעלעריש אָפּגעהאַקט:

— שרייב, רעדאַקטאָר!

— ...כ'האָב צו זיי שטענדיק געטענהט: האָט געדולד, איילט זיך נישט, היצט זיך נישט, און זיי — ווי נישט זיי מיינט מען גאָר! כ'בין אַליין שולדיק — כ'האָב וועלפּקען נישט געדאַרפט שיקן, א יאַט — א סמאַרק, און פייער נאָך נישט געווען, און דאַ... שרייב, רעדאַקטאָר!

— דערצייל, דערצייל, ווי אַזוי איז עס פאָרגעקומען.

דאָדיע איז א פּאָר מינוט שטיל געבליבן, זיינע גרויסע ווייעס האָבן

איינגאַנצן פֿאַרדעקט די שוואַרצאַפּלען. אויפֿן שטערן זיינען געבליבן דריי טיפֿע קווער־שניטן. מיר האָבן אַלע געפֿילט, ווי שווער ס'איז אים איצט צו רעדן. זיינען מיר אויך שטיל געבליבן.

— שרייב, רעדאַקטאָר, — האָדיע האָט זיך אויפֿגעשטעלט, געצויגן שווער שלעפּן די פֿיס איבער דער הייל און אַפּאַטיש אָנגעהויבן דערציילן:

— פֿון אונדזער אונטערגרונט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיט צוויי טעג צוריק איז אויפֿן דריטן קילאָמעטער דורכגעלייגט געוואָרן אַ פֿעלד־קאַבעל. וואָס אַן אמת, איז דאָס די אַרבעט פֿאַר „מוזיקאַנטן"*. און כ'האָב בכלל נישט באַטראַכט עס ווי אַ שאַנס. ערשט קלעפּט זיך צו מיר צו וועלפֿקע און וויל נישט אָפּשטיין: „שיק מיך, קאָמאַנדיר. כ'וועל ווי אַ קאַץ זיך דערשלײַכן". כ'האָב אים לכתחילה אָפּגעטריבן, ווי אַ זלידנע פֿליג. ער טרעט אָבער נישט אָפּ און איז נאָך דערביי ממזריש ביטרע: מען טאָר נישט, זאָגט ער, גיין צום באַן־וועג, כל־זמן דער שונא האָט אַ טעלעפֿאָנישע פֿאַרבינדונג. מ'עט אונדז דאָ אַלע פּאַקן... גערעכט איז ער, אָבער מיר ווילט זיך נישט, ווי סם־המות, פֿאַרנעמען זיך מיטן דראָט ביזאָג — שנײַדן דראָטן! ס'איז נישט פֿאַר מיר קיין אַרבעט. כ'גיי אָבער איין דערווייל — אַ סוף, און עק!

— איז ער אַוועק, וועלפֿקע, אָנגעהויב אָוונט און מיר רעדן אָפּ טרעפֿן זיך ביים וועלדל — אַ מעטער פֿינף הונדערט פֿון דער ליניע. מיר זיצן פֿאַרשטעקט און וואַרטן אויף וועלפֿקעס סיגנאַל — אַ געשריי פֿון אַ סאָווע. ערשט — ס'פֿאַרהילכט די שטילקייט אַ שרעקלעכער קנאַל. וואָס הייסט עס? מיר שטרענגען אָן די אויערן און אויגן — גאָרנישט. שטיל. באַלד אָבער הייבט אָן דורכרייסן די חשכות איין ראַקעטע נאָך דער אַנדערער, און אַלע — אין דער ריכטונג, וווּהין ס'איז אַוועק וועלפֿקע. נישט גוט, ברידערלעך — טראַכט איך מיר — דער יאָט איז אין טינ־טער. ריַרן זיך פֿון אָרט קאָנען מיר נישט — דער אַרום איז באַלויכטן, ווי בייטאָג. בלייבט, אַז מיר לאָזן דאָ איבער מאָרעקן, ער זאָל וואַרטן אויף וועלפֿקען, און איך מיט קיווקען און אַלעקסאַנדערן הייבן אָן צו פּויזען אין דער ריכטונג פֿון דער ליניע. רעדן אין אַזאַ צייט איז דאָך נישט שייך, אָבער יעדער איינער פֿון אונדז טראַכט זיך אַוודאי — דער וועג הינטער אונדז איז אָפּגעשניטן. דער שונא איז אויף די פֿיס און באַוואַכט דעם אַרום. נישט גוט!

* אַזוי פֿלעגט מען רופֿן די פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרנעמען מיט צעשטערן די טעלעגראַף־ און טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונג פֿון די היטלעריסטן.

אָבער נישט וועגן טויט טראַכט איך איצט, נאָר וועגן טאָן אַ שטיקל אַרבעט. מיר זיינען שוין אַ מעטער צוויי הונדערט פון דער ליניע — אַז ס'הייבן זיך אָן שיסן ראַקעטעס איבער איר, כאַטש גראָב זיך אַריין מיטן קאָפּ און לייב און לעבן אין דער ערד אַריין. אָלזאָ — נישטאָ קיין וועג אויף פאָרויס אויך!

כ'באַפעל חברה צו ליגן טויט. מיט קיין אַבער נישט צו רירן. וואו, עס הויבט זיך נישט אָן! אַלעקסאַנדער שלעפּט זיך פאָרויס, און טאָך אים קיוווקע. כ'קען דאָך מיין עולם, זיינען זיי אַריין אין אַזאַרט — וועסטו זיי שוין מיט גאָרנישט נישט אָפּהאַלטן. כ'קריך אויך פאָרויס און כ'ווייס שוין גענוי מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן...

ניין, דאָס ענדיקט זיך נאָך נישט! מיר הערן קלאָר דאָס קלאַפּן פון רעדער איבער די רעלסן. ס'גייט אַ צוג, אַ שווער סאַפּענדיקער, און אָנגעלאָדענער. דאָ בין איך שוין ווידער קאָמאַנדיר. דער באַפעל איז קורץ: „פאַרמינירן, מעג עס דאָס לעבן קאָסטן!"

מיר ליגן שוין אין ראָוו, ביי די רעלסן. אַלץ איז גרייט. מיר זיינען שוין אויפן וועג און רייסן מיט די ציין און נעגל די ערד. מיר פילן שוין דעם אָטעם פון לאָקאָמאָטיוו. כ'באַווייז אָראָפּצושפּרינגען. כ'זע, ווי אַלעקסאַנדער האָט זיך פון דער אַנדערער זייט אַראָפּגעקייקלט. וווּ איז קיווקע?...

דאָרטן איז שטיל געבליבן, אָפּגעסאַפּעט האַסטיק מיט אַ כאָרכלען, וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ קרעכץ פון אַ גוסס. באַלד האָט זיך אויף זיין פאַרחושכט פּנים אויסגעלייגט אַ חוזק־גרימאַסע:

— ווי איר זעט מיך — אַזוי זע איך אויס. אַליין געבליבן. אַ שיינער קאָמאַנדיר...

פרעגן דאַרף מען: ווי אַזוי? וואָס? — איז גאָר נישט שייך געווען. מיר האָבן זיך ערשט שפּעטער דערוווּסט, אַז פון וועלפקעס האָט מען בלויז שטיקער געפונען. ער האָט זיך אויפגעריסן אויפן שונאס מינע. קיווקע איז אויפגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיטן שונאס צוג פון אַנדערער אייגענער מינע. וואָס איז געוואָרן מיט מאַרעקן און אַלעקסאַנדערן האָט זיך געזאָלט דערוויסן אונדזער אויסשפּיר. דערווייל איז קיין שום ידיעה נישטאָ...

ביז די נאַטיץ איז פאַרטיק געוואָרן איז דאַריע געזעסן מיט די אויגן איינגעגראָבן אין דער ערד און מיטן קנאַפּל געקאָפּעט דעם זאַמד.

— וולאַדעק, אַ קעפּל פון זעכצענער אויף אַכט קוואַדראַט:
„דאָס לעבן אָפּגעגעבן, און די קאַמפּס־אויפגאַבע אויסגעפירט".

ראַדיוע האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, אַ דאַנקבאַרער צונעשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרן אַוועקגיין שטיל געפרעגט:

— ווען וועט די „אַפּישקע" זיין פאַרטיק?

---

אַז לודקען האָט זיך ענדלעך איינגעגעבן אויפצוכאַפּן דעם פראָנט־באַריכט, איז דער מאַטעריאַל פאַר דער ערשטער זייט פון דער וואַלד־צייטונג „דער נקמה־נעמער" געווען פולשטענדיק גרייט צום דרוק. בלייבט נאָך איבער די דריטע זייט. דאָ מוז זיין מאַטעריאַל וועגן לעבן אין שונאס הינטערלאַנד. די דאָזיקע זייט איז שטענדיק אַן עדות דערפון, אַז אומעטום, אפילו אין די באַוואַכסטע פונקטן פונם שונא, זיינען מיר דאָ און ווייסן אַלץ. מיר האָבן געניייע ידיעות, אַז די דאָזיקע זייט ברענגט אַריין די היטלער־לייט פונם געביטס־קאָמיסאַריאַט אין גרעסטן גרימצאָרן. מאַטעריאַל איז פאַראַן אַביסל — די אויסשפּירער האָבן זיך דערפאַר באַמיט. ס'פעלט אָבער אַ „טשוואָק" — עפּעס „אַזוינס ווי אַזעלכעס".

בלייבט, אַז כ'שיק וולאַדעקן אין שטאַב פון דער שכנותדיקער בריגאַדע. אפשר איז ביי זיי עפּעס פאַראַן. וולאַדעק האָט נאָך נישט באַוויזן אָנצוזאָטלען דאָס פערד — אַ שליח פון גענעראַל, כ'זאָל שנעל קומען. כאַפּ איך זיך שוין אַרויף אויף וולאַדעקס פערד און — אין וועג אַריין. כ'קום אין שטאַב, — ערשט מען וואַרט שוין דאָרט אויף מיר. דער שעף פונם אויסשפּיר פירט מיך אַריין אין זיין ערד־הייל, ווו צווישן עטלעכע באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער דערזע איך אַ ציווילן מיט אַזאַ אויסדרוק אויפן פּנים, פונקט ווי ער וואָלט אויף אַן אָנגעגליטער בלעך געזעסן.

— באַקאַנט זיך, רעדאַקטאָר, איר האָט פאַר זיך דעם הער בירגער־מייסטער פון דער שטאָט ב.

עס האָט מיר אויש דעם אָטעם פאַרכאַפּט. און דער ערשטער געדאַנק איז געווען, פאַרשטייט זיך: ס'איז דאָ אַ „טשוואָק", און נאָך וואָס פאַראַ! כ'וויל גלייך צוטרעטן צום „אינטערוויו", אָבער אָנשטאָט ווער־טער הער איך גאָר עפּעס ענלעכס אויף אַ מיאַוקען פון אַ קאַץ...

— שעמט איך נישט ה' בירגערמייסטער, — רופט זיך אָפּ דער אויסשפּירשעף — מאַכט זיך באַקוועם. איר קאָנט זיך באַפרייען פון די הויזן, אפילו פון די גאַטקעס...

כ'קוק אים אָן, וואָס רעדט ער, וואָס? ערשט חברה דערציילט מיר, אַז דער הער בירגערמייסטער האָט געהאַט גישט גאָר קיין באַקוועמע

רייזע. אין שטאט האבן אונדזערע אויסשפירער ארויפגעווארפן אויף אים א זאק איבערן קאפ און נישט נאר דעליקאט זיך מיט אים באגאנגען. הינטער דער שטאט האט מען אים ארויפגעזעצט אויף א נישט געזאטלט פערד, און נישט אזוי צוליב באקוועמלעכקייט, ווי צוליב זיכערקייט, האט מען דעם העכער ביירגערמייסטער צוגעבונדן מיט א שטריק א פוס צו א פוס אונטערן בויך פון פערד. נישט קיין ווונדער דעריבער, אז נאך זיבעציק קילאמעטער אזוי רייזן פילט זיך דער העכער ביירגערמייסטער נישט גאר געהויבן. ער פאלגט אבער די פראקטישע עצה פון אויסשפירער־שעף און באקומט מאקע באלד לשון...

* * *

ווען כ'בין שפעט ביינאכט צוריקגעקומען צו זיך אין שטאב איז אין דער רעדאקציע־הייל געווען שטאקפינצטער. א געדיכט כראפען האט עדות געזאגט, אז חברה האט אויסגענוצט מיין אפוועזנהייט, צו כאפן דעם אמתן „דרשים".

באלד זיינען אלע געווען אויף די פיס, און פארטאג איז דער צייטונגס־נומער פארטיק געווען צום דרוק.

# מיטן קאַמפּאַס אויף דער האַנט

איצט, אין פרידן, דערציילט זיך עס לייכט. דאַן אָבער איז אונדז גאָר קאָלעמוטנע געווען אויפן האַרצן, כאָטש געלאַכט האָבן מיר גלייך מיט אַלע. אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? אָבער אין זיך האָט יעדער פון אונדז געפילט די בראָך, די חרפה. אַזוי צו אַנדערש — טרעפן פלעגט עס אין אַנהויב מיט יעדן פון אונדז. געענדיקט האָט זיך עס פריילעך, און דאָס איז דער עיקר.

געקומען איז אין אונדזער אַפּטייל אַ בחור פון געטאָ, יאָשקע האָט ער געהייסן, אַ ראָזירער פון פּאַך. אַ געלהאָריקס, אַ צאַפּלדיקס, — דאָס ווייסל פון אויג. מיט אַלעמען איז ער גלייך היימיש געוואָרן, נישט גע־פרעגט, וואָס און ווען, גלייך זיך אויסגעקליבן אַן אָרט אין דער הייל, וואָס נענטער צום אייוועלע. צום קעסל, מיטאָג נעמען, לויפט ער דער ערשטער, דערביי כאַפּט ער דאָס בעסטע קעסעלע — אַ דאגה אים ווע־מענס דאָס איז! אָפּגעגעסן, פאַרגעסט ער עס אויסצוואַשן און וואַרפט עס אוועק ווו ס׳זאָל נישט זיין. ווי צו יעדן נייגעקומענעם, ווייזט אויך צו אים אַרויס אונדזער עולם גרויס געדולד, מאַכט אים שטיל אַ באַ־מערקונג, און דערמיט ענדיקט זיך עס. מיר אָבער, יידן, זעען נישט, אַז דאָס זאָל זיך ווען עס איז ענדיקן. הייבן מיר אָן דעם יאָט צו קוועטשן שטיל אַ פּנים: „זיי אַ מענטש" — באַטייט עס. ער טוט זיך אָבער דאָס זייניקע.

מאַכט זיך אַמאָל, אין אַן אָוונט אין טיפן ווינטער, דער יאָט איז אַרויס פון דער הייל. מאַלע, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף אַרויס־גיין! ס׳גייט דורך צען, פופצן מינוט — דער יאָט איז נישטאָ. מיר ווייסן שוין די בראָך, אָבער מיר מאַכן זיך נישט וויסנדיק. יעדער טוט זיך זיין אַרבעט — ווער ס׳רייניקט די ביקס, ווער ס׳טריקנט די אָנוטשעס ביים פייער, און ווער ס׳לויזט סתם דאָס העמד. פלוצעם — עס טרייסלט

זיך אזש הער וואלד פון א הילכיקן געשריי: „יאטן, וווּ זייט איר!" מיר הערקענען די שטימע, — ס'איז דאָס ראַזירערל, און ער איז נאָענט פון אונדזער הייל — כאַטש שטרעק אויס די האַנט און כאַפּ אים אָן גלייך ביי דער פּאָלע. ווינקט אָבער צו אונדז דער ראַטנער, דער שטענדיק גוט־מוטיקער ווייסרוס אליענטשיק, ס'הייסט: „מאַכט זיך נישט ווייסנדיק". דערביי שיקט ער ארויס דעם צוועלף־יאָריקן וואַווקען און ער פאַרשטייט שוין אויפן ווונק, וואָס ער האָט צו טאָן.

באַלד דערהערן מיר פון דער ווייט וואָווקעס דישקאַנטל:

— יאַשקע, אהער קום, צו מיר.

מיר הערן יאַשקעס שווערע טריט און זיין סאָפּען נאָט לעבן אונדזער הייל. באַלד ווערט ווידער שטיל, ביז יאַשקעס שטימע רייסט זיך אריין מיט א פאַרצווייפלטן טאָן:

— וווּ זייט איר, יאַטן?!

און גלייך נאָך אים גייט וואָווקע צו וויסן שוין פון א קעגנזעצלעכער זייט וואַלד, אַז ער איז נאָר דאָרט... ווידער הערן מיר יאַשקעס שלעפּן די פיס פון טיפן שניי. יעדן פון אונדז, יידישע פּאַרטיזאַנער, פריעסט עס ביים האַרצן, ס'וואָלט זיך געוואָלט א סוף מאַכן מיט דער דאָזיקער שפּיל. איז דאָס שוין אָבער אַן אָנגענומענער מנהג, — כל זמן דער ראַטנער באַפעלט נישט, האָט קיינער נישט דאָס רעכט זיך אריינצומישן.

אין דעם אָוונט האָט יאַשקע דורכגעשפּאַנט אונדזער וואַלד ארום און ארום אויף א ראַדיוס פון טויזנט מעטער, אין א שניי, וואָס האָט ערטער וויין דערגרייכט ביז צום האַלדז. אַז ער איז ענדלעך אריין מיט וואָווקען אין אונדזער הייל, האָט זיך קיינעם שוין מער נישט געוואָלט לאַכן. זיין פּנים — חושך, מיט ווייסע פלעקן — סימנים פון אָפּגעפרוירנקייט. די פיס האָט ער געשלעפּט ווי שטאָלצן, אַזוי שטייף זיינען זיי אים געוואָרן. ביי עמעצן פון אונדז האָט זיך ארויסגעריסן א שווער זידל־וואָרט. ס'וואָלט אוודאי געקומען צו א קריגעריי, איז אָבער דער ראַטנער פאַר־לאָפן דעם וועג און, האַלב הכמעוענדיק זיך, ארויסגעגעבן דעם באַפעל: ביי דער נאָענטסטער „באָמביאַזשקע" אומבאַדינגט זען פּאַקן א קאָמפּאָס און שענקען עס יאַשקען אלס אָנערקענונג... פאַר גוטער אָריענטאַציע אין וואַלד.

דער היציקער יאַשקע איז גרייט געווען צו זען אין דער גאַנצער מעשה א פּאַסקודנע קונץ־שטיק, האָט אָבער באַשקעס, דער געוועזענער לערער, באַמיט זיך אים צו באַרואיקן און טרייסטן, אַז „מיט אונדז אַלע־מען טרעפט עס".

— א נאציאָנאַלער פעלער אזא, מיר, יידן, האָבן נישט קיין חוש פאר רוים, — האָט באשקעס געפרווט אים דערקלערן און איבערציינן, אז ס'נעמט זיך דערפון, וואָס מיר זיינען שטאָטישע, פאָרן א לעבן לאנג מיט באנען און טראמווייען, מיט איין וואָרט — קאַליקעס.

צי ער האָט יאָשקען דאן איבערציינט, ווייס איך נישט, אָבער אז יאָשקע איז אן אנהערער געוואָרן — דאָס האָבן אלע געזען. ער איז שטילער געוואָרן, געזעצטער, כאָטש פון צייט צו צייט פלעגט ער ווידער אויפצאַפּלען, זיך נעמען וואַרפן אהער און אהין. חברה פלעגט עס אָנרופן „דאָס ראַזירערל האָט זיך אויפגעכאַפּט".

עס איז געשען טאַקע, ווי דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן — אויף יאָשקעס האַנט האָט זיך באַוויזן א קאָמפּאַס. דאָס נייעס וואָלט אפשר דורכגעגאַנגען אומבאמערקט, ווען נאָך איינער א קאָמפּאַס־אָפּעראַציע, ווען מען איז אָנגעקומען מידע אין א דאָרף, כאַפּט זיך נישט ווידער אויף אין יאָשקען דאָס ראַזירערל.

— כ'זע דאָך, זאָגט ער, יאָמן, אז אָט גייט איר אלע אויס נאָך א טראָפּן „לעבעדיקן וואַסער". און כ'זע דאָך, אז שלימזלניקעס זייט איר אויך. איר וואַרט, אז מען זאָל אייך אונטערטראָגן א ציג, וואָס זאָל זיך מעלקן מיט זעקסאונצוואַנציקער. טאַ וואַרט אייך געזונטערהייט. ביי מיר טריקענען אויס די קישקעס. אנו, חברה, ווער גייט מיט מיר אויף א כוסה.

ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע ספּירט־בעלנים, וועלכע האָבן זיך גלייך אַרויסגעלאָזט מיט יאָשקען איבערן דאָרף. דער קאָמיסאַר האָט זיי באַגלייט מיט א וואָרעניש: „נאָר אָן היגטישע שטיק".

מיר זיינען אלע שטאַרק מיד געווען. א שעה אַנדערהאַלבן איז אונדז נאָך געבליבן צום רוען. האָבן מיר זיך גענומען אויסציִען אויף דער פּאָדלאָגע צו כאַפּן א דרימל.

אויפגעוועקט האָט אונדז דאָס רוישיקע צוריקקומען פון דער „ספּירט־בריגאַדע". ליכט אויסגעטרונקען, האָבן זיי גענומען שלעפּן אונדזער עולם ביי די פיס:

— שטייט אויף, לעכצנדיקע נשמות, צייט זיך טובל זיין!

און אויפן טיש וואַקסט אויס א גאַנצע באַטעריי האַלבע ליטערס. יעדע טייע פלאַש, וואָס ווערט אַרויסגענצויגן, ווערט באַגלייט דורך די עקספּעדיציע־לייט מיט א הילכיק געלעכטער און מיט איבערוואַרטלען זיך.

מיר זיינען אלע נשתומם געוואָרן פון אזא רייכן פאַנג. דער קאָמיסאַר אליין שטייט צו צו די יאָטן:

— איר האָט אוודאי א פּאָגראָם דאָ אָנגעמאכט. איר וועט צאָלן מיט די קעפּ!...

פאַלט אים יאָשקע אריין אין די רייד און הייבט זיך אָן שווערן מיט כלערליי שבועות, אז יעדע פלאַש איז זיי אנטקעגנגעטראָגן געוואָרן, און דאָס מיט אמתער גאַסטפריינדלעכקייט.

— און וואָלט איר קיין פוילאַקעס נישט געווען — ווייז איך אייך דאָ באַלד, ווי אויף אייערע אויגן וואַקסט אויס נאָך א האַלבער ליטער.

חברה גלייבט נישט די אייגענע אויגן, אלץ שטייען צו צו יאָשקען, ער זאָל זיי באַווייזן די קונץ. יאָשקע פוילט זיך נישט און שיקט רופן די באַלעבאָסטע פון דער כאַטע (הערביי באַפעלט ער אַפּרוימען די פלעשלעך פון טיש).

ס'קומט אריין א פאַרסאָפּעטע די באַלעבאָסטע, און יאָשקע הייבט אָן פאַר איר האַלטן א רעדע:

— זעסט דאָך, מומעשי, מיר זיצן נישט לידיק. מיר האָבן היינטיקע נאַכט געגעבן צו שמעקן דעם פּאָליציייער, אז ביזן קומען אויף יענער וועלט וועט ער האַלטן אין איין ניסן. ווי דו זעסט, זיינען דאָ פאַר דיר בלויז העלדן, אמתע גיבורים! איז ווי פאַסט עס, דו זאָלסט מיט גאָרנישט מכבד זיין אזעלכע בכבודיקע לייט?!

די אַלטע הייבט זיך אָן שווערן, אז זי האָט גאָרנישט, זי לעבט אַליין אויף טרוקענע קאַרטאָפל. ווערט פלוצעם יאָשקע טויטערנסט, פאַרקאַטשעט דעם אַרבל פון דער לינקער האַנט, גיט א טרייסל מיטן קאָמפּאַס, און די ווייזערס הייבן זיך אָן באַוועגן. אַרום איז שטיל. קיין פאַרע הערט מען נישט. יאַטן זיינען נייגעריק צו זען, וואָס ווייטער וועט זיין. דאָ הייבט יאָשקע אָן אַרויסצולאָזן אזעלכע טענער, ווי זיי וואָלטן פון בויך געקומען:

— זאָג, — באַסעוועט ער, קוקנדיק אָנגעשטרענגט אויפן קאָמפּאַס,

— אָבער קלאָרע דיבורים: יאָ, צו ניין? אהא, יאָ! טאָ זאָג זשע ווו?... אהא, ס'איז קלאָר...

די פאַרטע קאָן זיך, זעט מען, קיין אָרט נישט געפינען.

טיף אָפּעטעמענדיק, ווענדט זיך שוין יאָשקע צו דער פויערטע: מילדער און גיט איר צו פאַרשטיין, אז די צאַצקע אויף דער האַנט האָבן פּאַרטיזאַנער הערפונדן, און זי האָט אין זיך א גרויסן כוח — זי זאָגט דעם ריינעם אמת.

— דו זעסט, מומעשי, דאָס וווּזער? ער ווייזט, אַז דאָרט, אין יענער זייט, האָסטו שטיין אַ ליטער סאַמאָהאָן. איז ווי שעמסטו זיך נישט און ביזט אונז נישט מכבד...

די אַלטע הייבט זיך אָן שווערן, אַז נישט קיין ליטער, נאָר אַ האַלבן סך־הכל האָט זי...

ס'גערוידערט נישט לאַנג און צו אונזער באַטעריי קומט צו נאָך אַ פלעשל.

דער עולם קאָמשוועט זיך פון געלעכטער. חברה נעמט אַרויסשיטן פון די קעשענעס, וואָס איינער פאַרמאָגט נאָר צום פאַרבייסן. דער הויפּט־מחותן איז, פאַרשטייט זיך, יאַשקע, און ער קאָמאַנדעוועט עס מיטן גאַנצן פאַראַד. יאַמען לויבן אים ביזן הימל. ס'זיינען שוין פאַראַן אַפילו בעלנים צו מאַכן אַ גוטן טויש מיט זיין קאָמפּאַס. נאָר דאָ קומט פּלוצעם, ווי אויף צו להכעיס, דער באַפעל:

— אין די רייען! מאַרש!

# אויף אַ ספּעציעלן אופן

טאָג־ראַפּאָרט פון שטאַב־שעף:

„די דיווערסיע־גרופּע בראש מיטן עלטסטן רפאל ב. האָט פאַרניכטעט דעם שונאס אַ פּראַכטצוג, וואָס איז געווען געלאָדן מיט טאַנקען און לאַסטאַויטאָמאָבילן. לויט פּינקטלעכע פעסטגעשטעלטע ידיעות זיינען אומגעבראַכט געוואָרן זעקס און פערציק היטלעריסטן. די אייזנבאַן־באַוועגונג אויף דער ליניע ב.—מ. איז געווען אָפּגעשטעלט אין משך פון צוועלף שעה.

חוץ דעם, האָט זיך דער זעלבער גרופּע איינגעגעבן אין אַ מעת־לעת שפּעטער „אויף אַ ספּעציעלן אופן" אָפּצושטעלן די אייזנבאַן־באַוועגונג אויף נאָך זעקס שעה".

אַלץ אין געוויינלעכן מיליטערישן נוסח.

דער ראַפּאָרט ליגט זיך אוודאי איצט איינגעניימט ערגעץ צווישן פיל אַזעלכע ראַפּאָרטן און ס'איז ווייניק וואַרשיינלעך, אַז אַ ביוגראַפיק אויג זאָל זיך אויף אים לענגער אָפּשטעלן, כדי צו דערגיין, וואָס אייגנטלעך עס באַדייט יענער „ספּעציעלער אופן". אָבער ביי אונדז אין וואַלד האָט מען אַ צייט לאַנג וועגן דעם גערעדט.

ווען רפאל ב. איז מיט זיינע פיר דיווערסאַנטן אָנגעקומען אין דער „זיכערהייטס־זאָנע" — דאָרט, וווּ דעם שונאס קויל האָט זיי שוין נישט געקאָנט אָניאָגן, האָבן זיי נאָך אַלץ געפילט הינטער זיך דעם פלאַם־פייער פונם ברענענדיקן צוג, וואָס זיי האָבן ביינאַכט אַראָפּגעלאָזט פון די רעלסן. לויט די קנאַלן, וואָס האָבן זיך פון דערווייטנס דערטראָגן, האָבן זיי געקאָנט זיך משער זיין, אַז ס'איז געווען אַ שווערער בעל־דבר — דער עיקר: מיט אַמוניציע.

קומענדיק אויפן כוטאר צו דעם פארבינדלער פון דער דיווערסאנטן־גרופע, האט רפאל דערפילט, צוזאמען מיט דער מידקייט נאך אן אנגעשטרענגטער שווערער נאכט, אויך אן אינערלעכע אומצופרידנקייט. עפעס איז דאס מאל אלץ ארויסגעגאנגען אזוי פראסט, גלאטיק. די היטלעריסטן האבן אפילו נישט באוויזן רעכט צו באשיסן די געגנט ארום. אומעטיק.

ארויסגעשיקט דעם פויער אין אויסשפיר זיך געבוי צו דערוויסן דעם רעזולטאט פון זייער דיווערסיע, כדי צונויפצושטעלן, ווי געוויינלעך, אן אקט, האט די גרופע זיך אוועקגעלאזט אין שכנותדיקן וועלדל צו כאפן א דרימל ביז פארנאכט, ווען מען וועט זיך קאנען לאזן אין דער ברייטער וועלט.

חברה איז גיך איינגעשלאפן. רפאלן אבער נעמט קיין שלאף נישט. אומקערן זיך צוריק אויף דער באזע? — און אומעטיקער עסק. ס׳וועט אויסקומען א וואך, צען טעג זיך וואלגערן אין דער הייל, פארנעמען זיך מיט ווירטשאפט, ווער ווייסט — אפשר גאר שטיין אויף דער וואך? נישטא וואס זיך צו איילן. אבער סתם זיך ארומדרייען איבער דער געגנט איז אויך נישט קיין תכלית...

רפאל האט לאנג נאכגעטראכט, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, פלוצעם זיך שטיל צעלאכט און פרייליך געכאפט וועקן זיין חברה:

— גוטע, געניג געשלאפט. ציים זיך גרייטן צו א נייי שטיקל מלאכה.

חברה קוקט אן רפאלן מיט פארוואונדערונג:

— וואס פארא מלאכה? אלע מינעס זיינען נעכטן אויסגעגאנגען. מיט וואס וועט מען רייסן? מיט די ציין?

— מ׳עט שוין רייסן, א סוף! מיר גייען אין דארף ד.

דער וועג איז געווען נישט קיין ווייטער. חברה האט א ביסל אפגערוט, און ס׳איז זיך לייכטער געגאנגען. אונטערגעטראגן האט אויך די אויסזיכט אויף גוט אפצועסן. א ביסל אפגעשטאנען פון דער גרופע, איז רפאל געגאנגען א פארטראכטער, פון צייט צו צייט שמייכלענדיק צו זיך אליין.

געקומען אין דאָרף אין אַ באַקאַנטער כאַטע, האָט רפאל געבעטן דער באַלעבאָסטע גוט אָנקאָרמענען זיין חברה און דערביי שטיל געהייסן איר טאַכטער זיך אַרויסלאָזן איבערן דאָרף און צונויפזאַמלען — וויפל ס'וועט זיך נאָר לאָזן — זויער־מילך, סמעטענע. ס'מעג זיין רויע מילך.

יאָטן האָבן גוט אָפּגעגעסן — ערשט עס קומט רפאלס באַפעל:

— טרינקט מילך, וויפל ס'וועט נאָר אַריין און נאָך אַ קאָפּעטשקע איבער דער מאָס!...

רפאל אַליין איז באַלד אַוועק איבערן דאָרף און זיך צוריקגעקערט מיט אַ בלעכערנער כלי, צו וועלכער ס'זיינען פון אַלע פיר עקן געווען צוגעפעסטיקט עלעקטרישע דראָטן.

אין דעם אומעטיקדמידן בליק פון זיינע יאָטן האָט רפאל גלייך דערקענט, אַז די זויער־מילך האָט דאָס איריקע געטאָן... גראָד האָט זיך איינער פון זיי אַ ריס געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזט צו דער טיר. רפאל האָט אים פאַרהאַלטן און באַפעליריש אָנגעוויזן אויף דער כלי:

— דרייסטער, ברודערקע, שעם זיך ניט... ס'וועט צונויץ קומען...

רפאל האָט דאָ געהאַט אַן איבעריקע געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן, אַז זיינע דיווערסאַנטן זיינען אין דער העכסטער מאָס דיסציפּלינירט.

און אַז די נאַכט האָט גענומען צופאַלן, האָט חברה זיך ווידער אַרויסגעלאָזט צו דער זעלבער באַן־ליניע, צו אירן אַ נישט־באַשעדיקטן אָפּשניט. אַנשטאָט דעם געוויינלעכן מאַסקירן אַ מינע, האָט מען די „עלעקטריזירטע" כלי געדאַרפט גראָד אַוועקשטעלן פון אויבן אָן, אויפן גראַבנדיק בלויז די פיר דראָטעקן אין דער ערד.

פאַרענדיקט די אַרבעט איז מען אַוועק צום באַקאַנטן כוטאָר און אָפּגעשלאָפן דאָרט גאַנצע צוועלף שעה. שפּעטער, קומענדיק צום פאַר־בינדלער, האָט זיי יענער באַגעגנט מיט אַ פּנים פון איינעם, וואָס גרייט זיך אָנזאָגן אַ נישט־אָנגענעמע ידיעה.

— דאָ האָט היינטיקע נאַכט נאָך עמעצער פון אַנדערער עולם געד־רודעוועט. וואָס אַזעלכעס זיי האָבן געטאָן — ווייסט זיי דער נישט־גוטער. קיין שום מינע האָט נישט אויפגעריסן, און דאָך שטייט די באַן, ווי פאַרגליווערט. די איינציקע דערציילן, אַז דער ערשטער צוג, וואָס איז געלאָזט געוואָרן נאָכן אייערנעכטיקן אויפרייס, איז אויפן פּופּצנטן

קילאָמעטער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער היטלערישער וואַך. „ווייטער קאָן מען נישט פאָרן”. ווייטער האָבן די היטלעריסטן אַנטפּלעקט אַ משונה־דיק גרויסן מעכאַניזם „מיט עלעקטריק”, זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו רירן. מ'האָט אַראָפּגעבראַכט אַ ספּעציעלע מינירער־גרופּע פון שטאָט. דער צוג שטייט שוין זעקס שעה...

---

רפאל האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן דעם אַקט. צוגעקומען צו דער „עלעקטרישער מינע” איז ער שטיין געבליבן און נישט געוווּסט, צי זאָל ער עס גענוי באַשרייבן (אָט אַזוי ווי דער שטאַב־שעף פאָדערט עס שטענדיק), אָדער ער זאָל עס עפּעס איידעלער פאַרצייכענען. און דאָ טאַקע איז צום ערשטן מאָל אין אַ פּאַרטיזאַנישן אַקט דערמאָנט געוואָרן וועגן אָפּשטעלן די אייזנבאַן־באַוועגונג „אויף אַ ספּעציעלן אופן”...

# אוים יתום

צוויי מאָל איז דער 12־יאָריקער וועליק רובעזשין אַ קיילעכדיקער יתום געבליבן. דאָס ערשטע מאָל, ווען די ברוינע רוצחים־באַנדע האָט פֿאַר־נומען זיין היימשטאָט, און ער איז איינער אַליין געבליבן. נישט וויסנדיק, ווו ס'זיינען אַהינגעקומען זיינע עלטערן, איז זיין משפחה געוואָרן די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פֿון געטאָ. וועליק איז געווען אונדזער בעסטער קוריער. ווו ס'האָט זיך נאָר געפֿאָדערט געשיקטקייט, פֿלינקייט און שטעלע אָריענטאַציע — אַהין פֿלעגן מיר וועליקן שיקן. וויפֿל מאָל אין טאָג מען האָט געדאַרפֿט דורכקריכן די געטאָ־צוימען, איז וועליק דורכגעקראָכן, און קיין איין מאָל איז מיט אים קיין דורכפֿאַל נישט געשען. האָט מען וועמען געדאַרפֿט אויפֿזוכן אויף דער „אַרישער זייט", אַפֿילו נישט וויסנדיק קיין גענויען אַדרעס, האָט עס וועליק געטאָן. אַז גרעסערע גרופּעס פֿון געטאָ האָבן געקומען אַרויסגיין אין וואַלד, איז וועליק געוואָרן דער פֿאָרויסגייער, דער אויסשפּירער, דער אָנזאָגער, צי מ'קאָן ווייטער גיין.

וויפֿל מאָל האָט ער זיך ביי אונדז געבעטן: לאָזט מיך, ביז וויפֿל איז דער דער שיער צו זיצן אין געטאָ? וועליק האָט ווירקלעך געקאָנט אַוועקגיין מיט דער ערשטער בעסטער גרופּע. איז ער אָבער זייער דיס־ציפּלינירט און האָט פֿיינט לאַנג צו טענהן: ניין און ניין! אָפּלאָזן ווע־ליקן פֿון געטאָ איז פֿאַר אונדז זייער שווער געווען.

ווען וועליק איז ענדלעך אָנגעקומען אין וואַלד, אין רודשערזשינ־סקי־אָפּטייל, האָט דער עולם פֿאַרטיזאַנער לכתחילה אים אָנגעקוקט ווי אַ בייז ווונדער (ביי זיינע צוועלף יאָר האָט ער דאָן, נאָך דער געטאָ, אויסגעזען נאָך גאָר קינדעריש): וואָס וועט אַט דאָס קינד טאָן ביי אונדז? דער קאָמאַנדיר פֿונם אָפּטייל האָט אָבער שוין געהאַט געוווסט, וואָס וועליק האָט באַדייט פֿאַר אונדז אין געטאָ, און איינם נאָענטן

באפּעל, וואָס איז געליענט געוואָרן פאַרן גאַנצן אָפּטייל, איז געווען אַ ספּעציעלער „פּאַראַגראַף „פּאַרעכטנטען דעם פּאַרטיזאַן וויליק רובעזשין אין דער 1־טער אָפּטיילונג פון דער ערשטער ראָטע און אים איבער־לאָזן אין רשות פונם קאָמאַנדיר פון אָפּטייל פאַר ספּעציעלע אויפ־גאַבן".

זיין ערנסטקייט האָט וויליק שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט צו פילן. ער איז כסדר אין באַוועגונג, ער גייט אָפּט אין געטאָ און קומט פּינקט־לעך צוריק, אויספילנדיק אַקוראַט אַלע אויפגאַבן. ער האָט שוין גע־ווער באַקומען — אַן אָפּגעשניטענע ביקס, פונקט פאַר זיין וווּקס, וואָס דער עולם פּאַרטיזאַנער רופט זי „ו.פּ.פּ." (וויליקס פּולעמיאָט־פּיסטאָ־לעט).

אַ גוט לעבן האָט זיך איינגעשטעלט צווישן הויכן בריטפּלייציקן אוקראַינער פון פּאָלטאַווער געגנט אַלעקסאַנדער באָריסעניקאָ מיטן קליי־נעם וויליקן. איינער אָנעם צווייטן רירט זיך נישט פון אָרט. מען עסט צוזאַמען, מען שלאָפט צוזאַמען, און צוזאַמען גייט מען אויף קאַמפּס־אָפּעראַציעס.

וויליק איז אַ צווייט מאָל אַ יתום געבליבן. גראָד איז דאָס מאָל אַלעקסאַנדער אַוועק אָן וויליקן. און נישט ווייט פונם שטעטל רובע־זשעוויטש האָט אים אַ פיינטלעכע קויל געטראָפן. מיר האָבן פאַר אַלעקר סאַנדערן נקמה גענומען. די נעסט פון שונא, פונוואַנען ס'איז געקומען די קויל, האָבן מיר ביזן לעצטן ציגל חרוב געמאַכט. וויליקן האָט עס אָבער קיין רו נישט געגעבן: „פאַרוואָס בין איך דאַן נישט געווען מיט אים צוזאַמען?". וויליק איז זיכער — ער וואָלט אַלעקסאַנדערן באַשיצט. וויליק איז אַ שווייגער געוואָרן. אויף זיין יינגלש פּנים איז דערוואַקסענע מיושבדיקייט אַרויף. די פּלייצעס זיינען ווי בריטער גע־וואָרן. באַוואָפנט איז ער שוין פון קאָפּ ביז די פיס (חוץ אַ „גרויסער" ביקס האָט ער אויך, אַלס ירושה פון אַלעקסאַנדערן, אַ פּיסטאָלעט און אַ גראַנאַט). וויליק איז אַ גוטער רייטער געוואָרן און רעכנט זיך פאַר דעם בעסטן אויסשפּירער פונם אָפּטייל.

זיין גרופּע איז אַוועק צום שאָסיי־וועג, וואָס פירט צו דער וויכ־טיקער באַן־סטאַנציע נעגאָרעלאָיע. די היטלעריסטן פילן זיך נאָך דאָרט זייער פריי. אויטאָמאַשינעס קורסירן אויף דעם האַזיקן וועג הין און צוריק, אַז ס'איז שווער אַ מינוט צו כאַפּן אויף אונטערצולייגן אַ מינע. די גרופּע האָט זיך אויסגעצויגן נישט ווייט פונם שאָסיי, מען מוז

ליגן פארטיזאנער, ס׳איז שווער דעם קאפ אויפצוהייבן. ווויליק איז אויף אלע פיר צוגעקראכן כמעט צום שאסיי. ווען א לייכטער פאסאזשיר־אויטאמאביל, וואס איז געגאנגען פאר א קאלאנע לאסטאויטאס, איז נאר כמעט אנגעפארן, איז ווויליק אין דער גאנצער הייך ארויס פון זיין באהעלטעניש און געווארפן א גראנאט אין סאמע מיט פון דער מאשין. וויליקס גראנאטוואורף איז געווען א סיגנאל פאר דער גאנצער גרופע פארטיזאנער. זיי האבן אנגעהויבן באשיסן די איבעריקע מאשינעס און געמאכט אויפן שאסיי אזא „קאשע", אז די היטלערישע סאניטאר־וועגענער, וואס זיינען שפעטער אנגעקומען, האבן קוים געקענט צונויפקלייבן די אפגעריסענע הענט און פיס פון די געפטרטע באנדיטן.

וועלכע קאמפס־גרופע ס׳גייט נישט אויף אן אפעראציע, בעט זי ביים קאמאנדיר מיטשיקן ווויליקן מיט איר, ווייל ווויליק איז אין דער פארטיזאנישער משפחה אן „אוניווערסאל" — ער איז א מינירער און אן אויס־שפירער, א קאוואלעריסט און א פוסגייער. צו זיין 13־טן געבוירנטאג ציילט ווויליק אן זיבן אראפגעלאזטע פיינטלעכע צוגן. זיצן אין לאגער, אפרוען — דאס איז פאר ווויליקן אומעטיק. געפינט ער זיך דעריבער מערסטנס נאענט פון דער אייזנבאן, אדער ער זיצט ערגעץ פארשטעקט אין א געפערלעכן פונקט און פארשט נאך יעדן טראט פונם שונא, כדי נאכדעם ברענגען ווערטפולע אויסשפיר־ידיעות צום נוצן פון דער גאנצער בריגאדע.

נישט מיט קיין לייכט הארץ האט דער קאמאנדיר פונם אפטייל בא־שלאסן אפשיקן ווויליקן אויף דער „גרויסער ערד". און אט איז א פא־סיקע געלעגנהייט: עס האט זיך אראפגעלאזט אויפן פארטיזאנישן אערא־דראם א סאוויעטישער אעראפלאן. ווי ווערט עס זיין אין דעם אפטייל אן ווויליקן? פארפאלן — זאל ער פליען. זאל ער קומען אויף דער פרייער סאוויעטישער ערד, זיך נעמען לערנען און אניאגן, וואס ער האט פאר קנאפע דריי יאר פארלוירן.

# „דער דעזערטיר"

ווי א שאָטן, פלעגט זיך שכר דורכשלייכן. ער האָט געקאָנט אומבאַמערקט נעלם ווערן, ממש פון אונטער די הענט, און אויסוואַקסן צו דער סעקונדע דאָרט, וווּ ער איז גראָד נייטיק געווען. דערפאַר מסתּמא איז צווישן די וואַלד־מענטשן אויפגעקומען די זיכערקייט, אַז ער שטאַמט פון די „בלאָטע", פון די „טורעמשטשיקעס", וועלכע זיינען אין די טויזנטער אַרויס פון די תּפיסות באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה און האָבן פאַרפלייצט אַלע וועגן און שטעגן אינם שונאס הינטערלאַנד.

די געוויינלעכע אינטערעסאַנטן האָט מען אין וואַלד נישט ליב געהאַט, מיט שטענדיקן חשד זיך צו זיי באַצויגן. שכרן האָט מען באַזונדערס נישט געגלייבט צוליב זיין עקשנותדיק שווייגן און נישט דערציילן קיין וואָרט וועגן זיך, פון וואַנען און מיט וועלכע וועגן ער איז אַהער, אין וואַלד, געקומען. וויפל מ'האָט נישט געפּרוּווט צושטיין צו אים מיט „שפּילקעס" און אָנצוהערעניש, אַז „אייגנטלעך איז אַלץ באַוווּסט וועגן זיין גנבהשער קאַריערע", פלעגט זיך עס אַלעמאָל ענדיקן מיטן זעלביקן: שכרס ברייט מויל פלעגט זיך אויסציען אין א גוטמוטיקן שמייכל, און זיינע נערוועזפינטלדיקע אויגן האָבן פאַרחידושט אָנגעקוקט די אַרומיקע, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „זעט, פון וואַנעט ווייסט איר דאָס אַלץ?".

דער שעף פונם באַזונדער־אָפּטייל פון דער בריגאַדע האָט שכרן פון אויג נישט אַרויסגעלאָזן. ס'האָט זיך אמת נישט געלייגט אויפן שכל, אַז שכר, א ייִד, זאָל קאָנען האָבן א וועלכע ס'נישט איז מגע־משא מיט דעם שונא, אָבער אַז זיין גאַנצע האַנדלונג איז א פאַרדעכטיקע, דאָס האָט יעדער איינער געזען. איז ווייבאַלד אַזוי, מוז מען אים דערטאַפּן.

מען פלעגט שכרן שיקן אויף די סאַמע געפערלעכסטע אָפּעראַציעס, און שטענדיק האָט עמעצער פון זיין גרופּע באַקומען פון באַזונדער־

אַפּטייל די אויפגאַבע נאָכצופאָרשן אים נישט באַמערקטערהייט, זיין יעדן קער און ווענד. אָבער שטענדיק פלעגט דער ענטפער זיין דער זעלבער:

— א יאַט — אַן איינשטעלער. גליטשט זיך אַרויס פון אונטער די הענט. און ווי ס׳קומט צו עפּעס, איז ווייסט אים דער טייוול פון וואַנען ער וואַקסט אויס?

אַן אַנדערער אויף שכרס אָרט וואָלט שוין געשמט אין דער גאַנצער פּאַרטיזאַנער־זאָנע אַלס העלד. ס׳וואָלט אוודאי געשריבן וועגן אים די פּאַרטיזאַנישע צייטונג און, ווער ווייסט? — אפשר וואָלט מען וועגן זיינע מעשים געגעבן צו וויסן אפילו „אויבן", דורך די ראַדיאָ־ידיעות פונעם שטאַב? מיט שכרן איז אָבער אַנדערש געשען — זיינע אויפטוען פלעגן, ווי ער אליין, אומבאַמערקט זיך דורכשלייכן פאַרביי דעם טאָגטעגלעכן, קאָכיקן פּאַרטיזאַנער־לעבן. פלעגט ווער אין געזעמל דערמאָנען, אַז דער „בלאָטער" האָט ווידער אַ לעבעדיקע „צונג" געבראַכט, האָט מען עס אויפגענומען מיט גלייכגילטיקע פּנימער, און נאָך אַ קורץ שטילשווייגן ווייטער געשמועסט וועגן צענדליקער אַנדערע געשעענישן פונעם טאָג.

די ידיעה, אַז שכר איז אינגאַנצן פון דער פּאַרטיזאַנער־באַזע נעלם געוואָרן, האָט מען אויפגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. אפילו עמעצנס אויסטייטשונג, אַז „די פרי איז נישט אין אונדזער גאָרטן אויסגעוואַקסן", האָט מען געהאַלטן פאַר איבעריק, אַזוי קלאָר איז געווען, אַז שכר האָט געמוזט סוף־כל־סוף זיך אַרויסווייזן פאַר אַ פרעמדן, פאַר אַן אומטרגעשיקטן. און אַז מען האָט עס אין אַ שמועס דערמאָנט, איז דאָס געווען בלויז, כדי אָנצוהייבן אַן אומענדלעכן ציקל מעשׂות וועגן די ביטערע שטיק פונם שונא, וועלכער פרווט דורכקריכן צווישן די פּאַרטיזאַנער, אויסשפּיאָנירן אַלץ און באַצייטנס „אויסרייסן".

* * *

ווען דער שעף פון באַזונדער־אָפּטייל האָט זיך דערוווּסט, אַז מ׳האָט שכרן געפּאַקט און געבראַכט אויף דער באַזע, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון דער קאַיקע צו לויפן אָנקוקן דעם בעל־דבר. נאָר באַלד האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט, און געהייסן בלויז פאַרשפאַרן שכרן אונטער אַ שטרענגן אויפזיכט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט איינזיצן. ס׳איז אים, דעם אַלטן אַרמייאישן אויספירער, נישט געגאַנגען אַזוי אין געניטען דערוויסן זיך די סיבות פון שכרס אַנטלויפן, ווי דערווייזן דעם קאָמאַנ־

דיר, אז פון זיינע, דעם „באַזונדערנס" הענט, וועט זיך אפילו קיין נאָדל נישט אַדורכגליטשן.

וויפל שטעך־ווערטלעך ער האָט זיך עס אָנגעהערט פון חער נאַ־טשאַלסטווע צוליבן ענין־שכר! זיינע טענות, אז ס'איז ווייזט אויס געווען דער אמתער העכט, אַז מען דאַרף אַ טראַכט טאָן באַציִיטנס אוועקצונע־מען די באַזע פון האַנען, האָט דער קאָמאַנדיר דורכגעלאָזט פאַרביי די אויערן: „ווייס איך וואָס? — סתם אַ לבנה־קריכער... ער וועט ווייט נישט אוועקגיין". דערפאַר איז ער אים, דעם חערפאַרענעם אויסשפּירער, די יאָרן הערגאַנגען צוליב זיינע „שיטערע הענט", דורך וועלכע ס'קאָנען טאַקע אמתע שפּיאָנען דורכקריכן.

דאָך איז דער שעף פונם באַזונדער־אָפּטייל נישט אוועק גלייך צום קאָמאַנדירס הייל, נאָר זיך פאַרקערעוועט צו דער אָרעסטקאַמער. היפּשע מינוטן זיינען אַריבער ביז ער האָט אין דער פינצטער דערזען דעם מענטשן־קנויל, וואָס איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלאָטיקער וואַסער. ער האָט זיך איינגעבויגן, אַ שלעפּ־געטאָן פאַר דעם נאָסן אָנטועכץ אָבער קיין שום סימן פון לעבן נישט דערשפּירט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קערפּער און אים פאַרזיכטיק אוועקגעטראָגן אין דער קראַנקן־הייל מיטן אָנזאָג:

— דרינגענדיק אַרויסרופן חעם שטאַב־דאָקטער!

* * *

לעוויט, דער קאָמיסאַר פונם אָפּטייל, האָט גאָרנישט געענטפערט אויף דער סאַניטאַרקעס מעלדונג, אַז שכר בעט זיך ער, ער זאָל צוקו־מען צו אים, ער דאַרף אים עפּעס נויטיקס זאָגן.

עס זיינען געווען אַזעלכע אינעם אָפּטייל, וועלכע פלעגן פאַרזיכ־טיק אונטערבאַמקען וועגן יידישן „קאָהאָל", אַז „אַ ייד האַלט שטענ־דיק פאַר אַ יידן". נישט אים חעם קאָמיסאַר לעוויט, האָט מען עס גע־מיינט. ער האָט קיינמאָל קיין געלעגנהייט נישט געגעבן פאַרן חשד, אַז ער איז צוגעלאָזטער צו די יידישע פאַרטיזאַנער. פאַרקערט — ער פלעגט שטרענגער מוסרן און שטאַרקער זידלען אַ יידן אפילו פאַר דעם קלענסטן חטא. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט ער אַריינטענהען אין די יידישע פאַרטיזאַנער, אַז זיי דאַרפן זיין צווישן די בעסטע, די העלדישסטע: „מיר האָבן דאָך מיטן שונא אַ צווייענדיקן חשבון".

שכרס אָנטלויפן האָט חעם קאָמיסאַר לעוויט מוראדיק שווער גע־טראָפן. ער האָט קיינמאָל נישט געענטפערט אויפן „באַזונדערנס" אָנ־

צוהערעניש בנוגע שכרן, אבער ביי זיך האט ער געוווסט, הגם ער האט פון שכרן קיין איין וואָרט נישט אַרויסבאַקומען, אַז זיין, שכרס, שווייגן, שטאַמט נישט פון קיין טורמע־קאַמער און נישט פון גנבהשער פאַרזיכ־טיקייט.

לעוויט וואָלט גלייך זיך געלאָזן צו דעם סאַניטאַר־ביידל, כאַטש איילקייט איז קעגן זיין כאַראַקטער. איצט וועט ער זיך אוודאי דערוויסן אויף זיכער, אַז אין דער מעשה מיט שכרן איז נישט פאַראַן קיין סימן, וואָס זאָל באַשטעטיקן דעם „באַזונדערנס" חשד.

אויף האַלבן וועג האָט ער זיך צוריק אומגעקערט אין דער זייט פונם קאָמאַנדירס הייל. ווי אַגב־אורחאדיק האָט ער דעם קאָמאַנדיר איבער־געגעבן שכרס ביטע.

— טאָ גיי, אפשר וויל ער זיך מתודה זיין פאַרן טויט. ביי אונדז פירט זיך אַזוי. ווי ביי אייך איז — ווייס איך נישט.

ווען לעוויט איז אַריין אין דער קראַנקן־הייל, האָט ער געטראָפן שכרן אויף דער קאַיקע האַלב־זיצנדיק, מיט אַ קישן אונטערגעשפּאַרט. זיינע העל־צעצונדענע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אינם קאָמיסאַרס פּנים, ווי וועלנדיק אַראָפּלייענען פון אים, צו וועט ער בכוח זיין באַ־נעמען זיין, שכרס, פאַרלאַנג:

— כ'וויל לעבן, קאָמיסאַר, ראַטעוועט מיך...

— קיין דאָקטאָר בין איך נישט, — האָט דער קאָמיסאַר מיט איראָניע געפּרוווט זיך אָפּטשעפּען פון שכרס בויערנדיקע אויגן — איבער־ריקנס דוכט זיך, אַז סע האַלט גאָרנישט אַזוי שמאָל מיט דיר...

שכרס פּנים האָט ווידער באַקומען דעם אַמאָליקן פאַרחידושטן אויסדרוק. זיין ברייטער מויל האָט זיך געפּרוווט אויסציִען אין אַ שמייכל, און עס נישט באַוויזן. אַ דראָבנער ציטער איז דורך איבער זיינע דינע, פאַרשרפּעטע ליפּן.

— מ'עט מיך אוודאי משפּטן, קאָמיסאַר. כ'האָב אַנדערש נישט געקאָנט. כ'וועל מוזן נאָך אַמאָל גיין...

דער קאָמיסאַר האָט דורכדרינגלעך־שטרענג אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן:

— וואָס הייסט „כ'וועל מוזן?" וואָס ביסטו דאָ? אַ מלוכה פאַר זיך? פאַר אַזעלכע זאַכן באַקומט מען אַ בלייען קייקעלע, און מיט רעכט!

שכרס ליפּן האָבן זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער משונהדיקער לענג. ער האָט פאַמעלעך אונטערגעהויבן די פאַרוואונדעטע פּלייצע צום

סאַמע אויער, און ווי טישט צו אים זאָל האָבן אַ שייכות לעוויטס דראָונג, האָט ער פּאַמעלעך איבערגעחזרט:

— כ'וועל מוזן נאָך אַמאָל גיין...

צי פון דער היץ, וואָס האָט געשלאָגן פון זיין פאַרוואונדעטער פּליי־צע, צי סתם פון גרויס מידקייט האָבן שכרס אויגן זיך גענומען צו־קלעפּן. לעוויטן האָט זיך געדוכט, אַז אָט וועט דער קאָפּ זיינער, פאַלנ־דיק, זיך אָפּשלאָגן אין דעם ווענטל פון דער קאַיוטע. האָט ער פאַרזיכ־טיק אונטערגעלייגט זיין האַנט אונטער שכרס קאָפּ און מיטן האַנטעך אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין שטערן. אַ פּאָר וואַרעמע דאַנקבאַרע אויגן האָבן אים פלוצעם אַרומגענומען און אַזוי איז ער שוין אַנגעבויגן, בלייבנדיק דעם צעהיצטן קאָפּ, געבליבן זיצן.

— ראַטעוועט זי, קאָמיסאַר. איך האָב זי אַרויסגעשלעפּט פון סאַמע פייער. זי איז אין דאָרף פּ... נישט ווייט פון דאָרט אין פּאָליציי...

שכרס קאָפּ איז אָנמעכטיק אַנידערגעפאַלן אויף לעוויטס הענט. ער האָט שווער געאָטעמט, שכר, און שווער אַזוי אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. אין די חאַזיקע ווערטער איז געלעגן דער „סוד" פון דעם שטענדיק־אומרואיקן שכרן, וועלכער פלעגט ווי אַ שאָטן זיך דורכשלייכן אומעטום, זיך יאָגנדיק נאָך עפּעס, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געפינען.

...מרים הייסט זי. צוליב איר איז ער, שכר, געבליבן שטעקן „ביים דייטש". זי איז גראָד אין קאַמפּעט געלעגן. צוליב איר, איז ער לעבן גע־בליבן, אַהער אין וואַלד געקומען. אַז ס'איז די גרויסע אַקציע געווען, האָט מען זיי אַלע אין דרייען פאַרנומען — אין לאַגער געבראַכט. און דאָ האָט זי, מרים, אים קיין רו נישט געגעבן:

— צי! אונדז וועסטו שוין נישט העלפן...

האָט ער געצויגן און אַהער געקומען. דוכט זיך, וואָס האָט ער נישט געטאָן, ער זאָל זיין גלייך מיט אַלעמען? און דאָך האָט מען אים פונדערווייטנס געהאַלטן. ער ווייסט, שכר, אַז מ'איז אים חושד אין אַלדאָס בייז. ער האָט קיין טענות נישט. ער פאַרשטייט: אין וואַלד קאָן מען נאָר איין חשבון פירן! און ער פירט צוויי. וואָלט ער כאָטש איין מענטש געפונען, וואָס וואָלט אים געהאָלפן: אַ סוף — דאָרט איז מער נאָרנישט נישטאָ! אפשר וואָלט ער אַזוי ווי אַלע געוואָרן. ניין, קיינער וואָלט פון אים סיי ווי נישט אַראָפּגענומען די לאַסט פון טראָגן כסדר די שולד פאַר צוויי איבערגעלאָזענע אויף אויסראַטונג... איז ער געלאָפן.

ער האָט געוווּסט, אַז אויף אים וואַרטן צוויי טויטן — איינער פון דאָר־טן (דערזערטיר!), איינער פון דאָרט... די קויל אין פּלייצע האָט ער באַקומען שפּעטער, ווען ער האָט מרימען שוין געהאַט אַרויסגעשלעפּט... דאָס קינד איז געמאַטערט געוואָרן באַלד נאָך זיין אַוועק. ער האָט מרימען געבראַכט אין דאָרף פ., געמוזט זי איבערלאָזן, זי וואָלט דעם טייך נישט דורכגעשוווּמען. אים האָט דער אויסשפּיר געפונען א פאַרהלשטן ביים סאַמע ברעג. א סוף! איצט איז אַלץ חשבון. אין לעבן... אין טויט...

ווען לעווינט איז אַרויס פון דער סאַניטאַר־היל, איז שכר געלעגן אין טיפן, פיבערדיקן שלאָף. דער דערפאַרענער סאַניטאַרקע האָט זיך געדוכט, אַז זיין אָטעם איז קלאָרער, גלייכמעסיקער געוואָרן.

# דאָס ערשטע „פּינפּטל״ פונם בודיאָני־אָפּטייל

אין אָנהייב זיינען זיי געווען דריי — דריי 16־יאָריקע יאַטלעך פון געטאָ: פּימקע פרעסמאַן, אבראשקע קאַפּלאַן און זיאַמקע מיטעל. געהאַלטן האָבן זיי זיך אייניקער אין צווייטן — נישט אָפּצוטרעטן. צוזאַמען איז זיי לייכטער געווען די וויטיק פון קיילעכדיקע יתומים. צוזאַמען וועט מען אוודאי קענען עפּעס גיכער אויפטאָן, כדי צו שטילן דעם ברענענדיקן צאָרן קעגן די מערדער פון זייערע — פּימקעס, אבראשקעס און זיאַמקעס — טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. פאַרמאָגט מען דאָך אָבער נישט מער ווי צו 16 ווייניק דערפאַרענע יאָרן אויף די פּלייצעס, האָבן זיי אַלס קאָמאַנדיר פון דער ערשטער דיווערסאַנטן־גרופּע פונם פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל אויף בודיאָנים נאָמען אויסגעקליבן וו. קראַוטשינסקין. נאָכדעם איז צוגעקומען יוזעק זיבעל, א ווייסרוסיש יאַטל, אויך א 16־יאָריקער, און ס'איז אַנטשטאַנען דאָס פּינפּטל אומדערשראָקענע פאַרניכטער פון דייטשישע צוגן און אויטאָמאַשינעס. יעדער איינער פונם פּינפּטל האָט פאַרמאָגט מעלות, וועלכע האָבן צוזאַמען געגעבן א מעגלעכקייט דער דיווערסאַנטן־גרופּע אָפּטאָן מעשים, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן ווייט אין דער געגנט.

וו. קראַוטשינסקיס רואיקייט, באַטראַכטקייט איז ווי דאָס לעבן נייטיק געווען די 16־יאָריקע היצקעפּ. יוזעקס ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט די פּויערים פון ארום האָט געגעבן די מעגלעכקייט שטענדיק גענוי וויסן וועגן יעדן טראָט פון שונא, וועגן זיינע קאָמפּסרמיטלען און שוואַכע פונקטן. א דאַנק יוזעקן פלעגן פּויערים אָפט זיך אָנשליסן צום פּינפּטל און צוזאַמען גיין רייסן די אייזנבאַנליניע. אבראשקע האָט פאַרמאָגט דאָס, וואָס מען רופט אָן „פּאַרטיזאַנישע סמיקאַלקע״. דער שונא האָט געמעגט זיך באַוואָרנען פון אַלע זייטן מיט וואַך־פּאָסטנס, מיט קוילנוואַרפער־נעסטן, מיט לויער־פּונקטן — אבראשקע פלעגט באַוויזן דורכצו־

קריכן אין דער סאַמע נעסט פונם שונא, אויסשפּירן, דערוויסן זיך אַלץ, וואָס איז נייטיק און באַצייטנס נעלם ווערן. זיאַמקעס דרייסטקייט איז געווען באַוווסט אַלעמען אינם אָפּטייל. איידער ער פלעגט אַוועקגיין אויף אַ ריזיקאַליש שטיקל אַרבעט, פלעגט ער פריער זיך אַראָפּכאַפּן אין די שכנותדיקע דערפער, דורכפירן פאַרזאַמלונגען, שמועסן, לייענען פאַר די פויערים די פראָנטבאַריכטן. מיט פאָטערלעכער ליבע פלעגט דאָס דאָרף יעדעס מאָל באַגלייטן זיאַמקען, פילנדיק, אַז פונדאַנען וועט זיאַמקעס וועג פירן דורך געפאַרן און גוואַלדיקע שוועריקייטן. פרעסמאַנען האָבן אַלע געקענט פאַר אַ גוואַלדיקן עקשן. אַז מען פלעגט אים זאָגן: „פּימקע, קריך נישט אַהין — דאָרט גייט גאָר אַ גרויסע מאַסע היטלעריסטן", פלעגט ער נישט הערן: ער מוז מיט די אייגענע אויגן זען, צי איז ווירקלעך דער שונא אַזוי גרויס אין צאָל און צי וועט זיך נישט איינגעבן אַ ביסל אַ „קעסטראַן" די בלאָנד־בעסטיאַלישע קעפּ.

מאַכט זיך אַמאָל — דאָס פּינפּטל גייט, ווי געוויינלעך, נעענטער צו דער גרויסער שטאָט, כדי צו פּרוּוון מזל אויף אַ דייטשישן עשאַלאָן.

דערוויסן זיי זיך אין וועג, אַז אין דאָרף קאַפּליטשע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעגער זעקס דייטשן. וועט עס זיין אַ גוטע „צונג" — דאַרף מען זיי נעמען לעבעדיקערהייט. איז דאָס פּינפּטל אַוועק און האָט די אָפּעראַציע אַזוי גענוי פונאַנדערגעאַרבעט, אַז אָן אַ פּיפּס זיינען די היטלער־באַנדיטן, בראש מיט זייער אָפיציר, אַריינגעפאַלן לעבעדיק אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן באַרייכערט דעם אָפּטייל מיט היפּשע געווער און אַמוניציע. ווי געזאָגט, איז דאָס פאָרגעקומען אַגב־אורחא. די עיקר־אַרבעט האָט געדאַרפט זיין אויפן באַן. איז מען אַהינצו אַוועק.

אויפן 16־טן קילאָמעטער האָט דאָס פּינפּטל באַשלאָסן צו פאַרמינירן דעם שאָסיי־וועג. דאָרט פליען הין און צוריק היטלערישע אויטאָמאָבילן. דער וועג איז אַ שווערער. היטלעריסטן לויערן פון אַלע זייטן. מען האָט זיך אָבער דאָך דערקליבן צו אים. איין מינע איז שוין אונטערגעלייגט. מען גייט אָפּ אַ ביסל ווייטער, כדי צו פאַרלייגן אַ צווייטע — פּלוצעם הייבן אָן פליען ראַקעטעס. אויף יוזעקס פּלייצע איז אַרויפגעפאַלן אַ ראַקעטע און אים שטאַרק אָפּגעבריט. דער שונא עפנט אָן אויטאָמאַטן־ און ביקסן־שיסעריי פון צוויי זייטן. די היטלעריסטן ווילן אויף אַזאַ אופן אַריינטרייבן דאָס פּינפּטל אין שכנותדיקן וועלדל, כדי עס דאָרט אַרומרינגלען און נעמען לעבעדיקערהייט. דאָס פּינפּטל

האָט עס אָבער פאַרשטאַנען און באַשלאָסן אויסקלייבן דעם סאַמע נעד פּערלעכסטן וועג — זיך דורכרייסן אומעטום פון בײדע אָנגריפנדיקע גרופּעס פון שונא.

אַזוי האָבן זיי געטאָן. דער שונא האָט זיי נישט באַמערקט און ווייטער אָנגעגריפן אויפן וועלדל. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז ווען איין היטלערישע גרופּע האָט ביים וועלדל געעפנט אַ שיסעריי, האָט די צווייטע גרופּע עס אָנגענומען ווי אַ שיסעריי פון די פּאַרטיזאַנער, און זיי האָבן גענומען קעגנזייטיק אײנער דעם צווייטן אויסראָטן. די קאָמאַנדשאַפט פון היטלערישן גאַרניזאָן איז אומרואיק געוואָרן. ס׳איז שוין פרימאָרגן. אַ שיסעריי הערט זיך פון אַרום, און וואָס־ווען — ווייסט מען נישט. זייענען זיי אויף אַן אויטאָמאַשין אַרויסגעפאָרן זיך דערוויסן און זייענען פּונקט אַרויף אויף דער ערשטער מינע, וואָס דאָס פינפטל האָט ביינאַכט אונטערגעלייגט...

שכנותדיקע פּויערים האָבן איבערגעגעבן דעם שטאַב פון בודיאָנ־ני־אָפּטייל: אויף צומאָרגנס האָט מען זיי, די פּויערים צונויפגעטריבן מיט פערד און וועגענער, זיי זאָלן די פּגרים פירן. פון וואַלד האָבן זיי אַרויסגעפירט אַכצן דערהרגעטע און פון שאָסיי צען.

צום פינפטל האָט זיך פאַרייניקט דער יידישער לערער זונדל דראַט־פימען. ס׳איז — זאָגט ער — בקרוב זיין געבורטסטאָג, וויל ער לכבוד אַזאַ וויכטיקער דאַטע געבן אַ פייערלעכן סאַליוט. געוויינלעך פאַרלייגט מען איין מינע, זונדל וויל, אַז דאָס מאָל זאָל עס זיין שטאַרקער. פאַר־לייגט מען צוויי. מיט אַ שיין־קאַליגראַפירטער האַנטשריפט (ער איז דאָך אַ לערער) שרייבט ער אָן עטלעכע „ליבע־בריוולעך” צו די פּאַסאַזשירן פונם אָנקומענדיקן דייטשישן מיליטער־צוג: „צו מיין געבורטס־טאָג — אַ מתנה די היטלער־רייזנדער”, און ער לייגט זיי פונאַנדער איבער דער ליניע. אַ צוג איז אָנגעקומען גאָר אַ בכבודיקער, מיט וויכע פּלע־צער. אוודאי „הויכגעשטעלטע לייט”. זונדל ציט איין שנור, קראַוו־טשינסקי מיט אבראַשקען — דעם צווייטן, און עס פליען וואַגאָנעס איינער אויפן אַנדערן מיט פּאַרטוובנדיקע אויפרייסן און מיט אַן אי־לומינאַציע, וואָס באַלייכט דעם גאַנצן אַרום. דער יובילאַר זונדל איז פונעם סאַליוט צופרידן. אבראַשקע קאָן זיך בשום אופן נישט אָפּרייסן פון אָרט. זיין אויער קען זיך נישט אָנזעטיקן מיט די קלאַנגען פון דער ליבסטער סימפאָניע פאַר אַ יאַטל פון געטאָ — די סימפאָניע פון יללות, קרעכצעניש און כאָרכלעריי פון די צעריסענע, גוססדיקע פאַשיסטן.

א גאַנצע נאַכט האָבן די היטלערישע אייזנבאַן־היטער באַשאָסן די געגנט. א גאַנצע נאַכט האָבן זיי געפירט די געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. אין עס ביי דעם פּינפּטל קיין נאָווינע נישט. א נייעס האָבן זיי זיך ערשט דערוווסט, קומענדיק צו זיך אינם אַפּטייל. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אויסשפּיר האָט שוין געגעבן צו וויסן וועגן די רעזולטאַטן פון דעם האַזיקן אויפרייס. מיטן אויפגעריסענעם צוג איז געפאָרן גאָר א וואַזשנער היטלערישער קנאַקער פון בערלין מיט א גאַנצן שטאַב „געלערנטע" באַנדיטן. ביי די היטלער־לייט אין דעם געגנט־צענטער טוט זיך חושך. ס'איז פון בענקל אַראָפּגעפלויגן דער דייטשישער שעף פון אייזנבאַן־קנופּ. געסטאַפּאָ ווילדעוועט: ס'טומיש, וויאַזוי האָט מען עס נישט באַוואָרנט דעם וועג, מיט וועלכן ס'איז געפאָרן אַזאַ הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייט פון דעם סאַמע באַנדיטן־שטאַב אין בערלין?

אין שלאַכט — ווי אין שלאַכט: עס זיינען פאַראַן קרבנות. אבראַשקע איז אין קאַמף געפאַלן. ס'זיינען געקומען היטלעריסטן אין א שכנותדיקן דאָרף. פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פאַרשטעקט ביים וועג. די אָנקומענדיקע היטלעריסטן האָט מען באַגעגנט מיט א העפטיקער שיסעריי און כמעט אַלע געפּטערט. איינער בלויז האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער אויטאָמאַשין. ווען אבראַשקע איז אַהין צוגעשפּרונגען, האָט אים דער היטלער־באַנדיט שטערבלעך פאַרוואונדעט.

אומגעקומען איז אויך זיאַמקע. אינם דאָרף וואָלטשקאָוויטש האָבן פּאַשיסטן געלויערט. זיי האָבן אונטער זיאַמקען דאָס פערד פאַרוואונדעט. זיאַמקע האָט אָן אויפהער געשאָסן, אָפּגעשלאָגן דעם אָנגרייפנדיקן שונא. א קויל האָט אים געטראָפן. ער ווייסט: א שווער פאַרוואונדעטער וועט ער שוין פון שונאס הענט זיך נישט אַרויסדרייען. געטריי דעם געבאָט, וואָס ער האָט נאָך פון געטאָ געבראַכט — „קיין לעבעדיקער אין שונאס הענט נישט אַריינפאַלן", גיט זיאַמקע די לעצטע קויל זיך אין האַרצן.

דאָס ערשטע „פּינפּטל" דיווערסאַנטן פונם בודיאָני־אַפּטייל האָט מער נישט עקזיסטירט.

# „איך האָב אַ קליינעם ייִנגעלע"

— דער קאָמאַנדיר האָט באַפֿוילן קיינעם, אָן אויסנאַם, נישט אַרייַנצולאָזן, — האָט דער וואַכמאַן שטיל, נישט זיכער, ראַפּאָרטירט דעם קאָמיסאַר, וואָס האָט, ווי נישט הערנדיק די וואָרענונג, גענומען אַראָפּלאָזן זיך אין דער שטאַב־הייל.

אויפֿן ערשטן טרעפּל האָט זיך דער קאָמיסאַר פּלוצעם אָפּגעשטעלט, אָנגעשטרענגט געקוקט אויפֿן וואַכמאַן, ווי ער וואָלט נאָכאַמאָל וועלן הערן די פּאָר אים נישט־געווינלעכע וואָרענונג. יענער איז אָבער געשטאַנען אויסגעצויגן, בלויז די אויגן אַביסל שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזט, גרייט נאָכאַמאָל איבערצוחזרן דעם באַקומענעם באַפֿעל.

— נו, גוט, — האָט נאָכגיביק געענטפֿערט דער קאָמיסאַר און זיך בעת־מעשה אויפֿגעהויבן צום וואַכמאַן, אַ קלאַפּ געטאָן אים גוט־ברודעריש איבער דער פּלייצע און שנעל זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער הייל: „כ'גיי עס אויף זיך, כ'וועל דעם קאָמאַנדיר מעלדן..."

דעם קאָמיסאַרס באַווייַזן זיך אין דער שטאַב־הייל האָט קיין שום פֿאַרוווּנדערונג נישט אַרויסגערופֿן. פֿאַרקערט, אין דעם קאָמאַנדירס מידע, נישט אויסגעשלאָפֿענע אויגן האָט אויף אַ רגע אַ פֿייַערל אַ בליץ געגעבן.

— גוט וואָס דו ביסט דאָ, סאַנדלער. אָט וועסטו זאָגן, צי כ'בין גערעכט...

ערשט איצט האָט סאַנדלער באַמערקט די פֿרוי, וואָס איז אייַנגעקאָרטשעט, מיט אַ פֿאַרווייַנט, אָנגעשוואָלן פּנים געזעסן אין אַ זייַט פֿונם אַרייַנגאַנג. סאַנדלער האָט זי נייַגעריק אָנגעקוקט. יענע האָט קענטיק דערפֿילט אויף זיך דעם קאָמיסאַרס בליק, האָט זי נאָך נידעריקער דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. אַ מינוט האָט אַ שווערע שטילקייט געהערשט אין דער הייל. סאַנדלער איז נענטער צו צום קאָמאַנדירס נאַרע, זיך אוועק־

בעזעצט אויף איר ראנד און נאך דורכדריגגלעכער געהומען באטראכטן די פרוי, זיין שכנטע.

— וואס איז געשען, ליובע, די קאשע איז ביי דיר צונעברענט געווארן אין א נאווינע?

ליובע האט אויפגעהויבן די פארוויינטע אויגן. א רגע האט זיך אין זיי באוויזן א טרויעריקער שמייכל, און באלד זיינען זיי ווידער פארדעקט געווארן מיט די שווערע, אנגעשוואלענע לעפלעך. ליובעס פנים האט דורכגעקאסיעט א קאנוולסיווער צאפל, וואס האט א טרייסל געטאן איר גאנצן גוף. נאכדעם איז זי געבליבן זיצן אומבאוועגלעך, ווי זי וואלט איינגעדרימלט.

דער קאמאנדיר האט זיך פון ארט אויפגעהויבן, פארריכט דעם פאס, די בלוזע, ווי ער וואלט זיך געגרייט נעמען צו א וויכטיקער ארבעט. ער איז געבליבן שטיין לעבן ליובען. אנקוקנדיק זי פאטערלעך פארהאנגהט, האט ער שטיל פארגעזעצט אן איבערגעריסענעם שמועס:

— מען האלט אונדז אין איין אומברענגען. זאלן מיר נאך דערצו צוהעלפן? וואס זשע וועט בלייבן פון אונדז? ווער ווייסט, אפשר א חוץ אונדז איז שוין אויף דער וועלט קיינער מער נישט געבליבן. איז א סוף — און עס זאל עס נעמען!... נישטא מער קיין יידן!...

דער קאמאנדיר איז א וויילע שטיין געבליבן מיט א בליק, וואס האט אין ערגעץ נישט געקוקט. ער האט זיך נישט אפגעקערט אפילו, ווען ער האט דערפילט אויף זיך דעם קאמיסארס האנט.

— העער זיך איין, קאמאנדיר, אפשר וועסטו באפעלן אויסשטעלן דעם גאנצן אפטייל און פאר אלעמען האלטן אט די קעמפערישע דרשה דיינע... ס׳וועט זיי זיכער פיל מוט צוגעבן...

אינם קאמאנדירס פנים איז קיין סימן נישט געבליבן פון דער פאטערלעכער זארג. זיינע סקולעס האבן זיך גענומען פארביסן באוועגן, און פון צווישן די שטייף־צוגעשטשעמעטע ציין האט ער סקאנדירנדיק ארויסגעווארפן א ווארט נאך א ווארט:

— יא. כ׳וועל טאקע באפעלן, און כ׳וועל זאגן, אז איך ישראל דער מיליאר, דער קאמאנדיר פונם פארטיזאנער־אפטייל „נקמה", וועל נישט דערלאזן אומברענגען דאס, וואס דארף לעבן!

מיט דער זעלבער אנטשלאסנקייט, אבער שוין מיט איילקערע רייד האט ער זיך צו ליובען געווענדעט:

— אזוי בלייבט עס! זאלסט נישט וואגן אנדערש צו טראכטן!

נאָך דער דאָקטערין וועל איך אויצט נישט שיקן — זי וועט קומען דאַן, ווען מען וועט דאַרפן.

ליובע האָט הילפלאָז אָנגעשטעלט אירע אויגן אויפן קאָמאַנדיר און זיי אַריבערגעפירט אויפן קאָמיסאַר, ווי זוכנדיק הילף פון זיין זייט. סאַנדלער האָט אויפגענומען איר בליק און מיט אַן איראָניש־שמייכל זיך פון איר אָפּגעקערט צום קאָמאַנדיר.

— דאָס איז אַלץ? וואָלסט נאָך געדאַרפט שאַפן אַ קיומפּעטאָריין־אָפּטיילונג און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ פאָרסירטן נאַטירלעכן צו־וווּקס פון אונדזערע רייען...

— נו, כ'וועל שוין דיין ברויט, קאָמיסאַר, נישט צונעמען. אויף פּראָפּאַגאַנדע ביסטו אַ מיוחדים. כ'פאַרלאָז זיך אויף דיר — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר. ער האָט אָנגענומען ליובען פאַר דער האַנט און זי אַרויסבאַגלייט פון דער הייל.

— אז ס'וועט דיר שווער ווערן צו אַרבעטן אויף דער קיך — האָט ער איר אָנגעזאָגט, — זאָלסטו מעלדן, איך וועל שוין געפינען פאַר דיר עפּעס א פּאַסיקע אַרבעט.

* * *

ווי שטענדיק, איז אויך אין דער דאָזיקער זומער־נאַכט שטיל געווען אויף דער באַזע פונם פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל „נקמה". הין און צוריק האָט צווישן די ביידלעך אַרומגעשפּרייזט דער וואַך־עלטסטער, פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט אין דער נאַכט־שטילקייט און ווייטער געשפּרייזט.

זעלטן ווער איז אָבער איז דער דאָזיקער נאַכט געשלאָפן. עס איז גענוג געווען דער מינדסטער אָפּקלאַנג פון ערגעץ ווייט, אָדער עמעצן זאָל זיך דוכטן, אַז ער האָט עפּעס געהערט, מען זאָל זיך אַרויסרוקן פון די ביידלעך און אויסגעפינען דעם וואַך־עלטסטן, כדי זיך עפּעס צו דערוויסן.

אויף דער באַזע רעדט מען נישט הויך וועגן דעם, אָבער אַלע ווייסן זייער גוט: ווי פאַראַיאָרן זומער, ווי פאַר צוויי יאָרן — דער שונא דערנענטערט זיך צום וואַלד. ס'גייט צו אַ בלאָקאַדע, ס'וועט זיין אַ „מאַראַטאָן". פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווייסן זייער גענוי, אַז דער גענגנטער שטאַב האָט באַשלאָסן אויפצונעמען אַ קאַמף. מען ווייסט שוין אפילו צו דערציילן — וווּ, וועלכער אָפּטייל וועט האָבן זיין פּאָזיציע. אַנדערע ווידער פרעגן אָפּ, באַשר ס'נישט מעגלעך פאַר פּאַרטיזאַנער אָנצונע־

מען א פּאָזיציע־קאַמף מיטן שונאס רעגולערע טיילן, ס'קאָן זיין א רייד נאָר וועגן איינצלנע טיילן זיך אין קלענערע גרופּן און פּרווון, ווי פאַראיאָרן, ווי פאר צוויי יאָרן, זיך דורכרייסן דורך דער בלאָקאַדע־קייט.

קיינעם ווערט פון די דאָזיקע השערות נישט לייכטער. אַזוי צו אַזוי — פאר זייער אָפּטייל איז דאָס א קנאַפּע טרייסט. קיין קאַמף אויפנעמען וועלן זיי נישט קאָנען. דורכרייסן זיך גרופּנווייז, איז און ענין פאר א קאַמפּסאָפּטייל, אָבער זיי...

בעת ישראל מוליאר האָט באַקומען דעם באַפעל פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב צונויפצוזאַמלען אויף איין אָרט אַלע יידן, אַנטלאָפענע פון געטאָ, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אין דער געגנט, האָט ער נישט אָנגעהויבן צו ווייסן, וואָס טוט מען מיט זיי אַלעמען — מיט די ווייבער, קינדער, אַלטע לייט און סתם קאַליקעס. עס שטייט פאר אים און עדה יידן, קוקן אים אין די אויגן, וועלנדיק אויפכאַפּן זיין מינדסטן ווונק, גרייטע כאָטש אין פייער צו שפּרינגען. מען קוקט אים נאָך יעדן פּוסטראָט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, טאָמער וועט ער — זייער לעצטע האָפענונג — נעלם ווערן פון דאַנען. האָט ישראל געטראַכט און באַשלאָסן: וואָסי, זיי ווייסן דען נישט, אז דאָ דאַרף מען טאָן?!

פאַמעלעך האָבן זיך פון דער עדה אויסגעפורעמט גרופּעס: ווער יונגער — האָט געוואָרן באַקומען, ווער עלטער — האָט מיט באַלעבאַטישקייט זיך פאַרנומען. פרויען און קינדער האָט מען אויף די פאַר־לאָזענע פעלדער אַרויסגעשיקט, דאָס ברויט אַראָפּנעמען. אַלע האָבן עפּעס געטאָן און זייער טועכץ האָט גרויס אָנזען באַקומען ביי די שכנותדיקע אָפּטיילן. א סימן: בלויז זיי — אין אונטערשייד צו אַנדערע פאַמיליע־לאַגערן אין וואַלד, ווו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן גאַנצע דערפער, אַנט־לאָפענע פונם דייטש — האָבן באַקומען דעם קאַמפּסנאָמען „פאַר־טיזאַנער־אָפּטייל". און מיט רעכט: די קאַמפּסאויפטועך פון די יינ־גערע, די באַוואָפנטע, זיינען געווען גאַנץ קענטיקע.

איז דאָס אָבער אַלץ גוט געווען אין „נאָרמאַלע" ציטן, ווען נאַכט נאָך נאַכט לאָזן זיך אַרויס פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין געיעג נאָכן שונא, נאָך זיין טראַנספּאָרט און באַוואָפענונג.

ערב דער בלאָקאַדע האָט דער אָפּטייל „נקמה" דערפילט זיין אַנ־דערשקייט. אוודאי קאָן דאָס ביסל באַוואָפנטע פאַרנעמען א פּאָזיציע און זיך אָפּשלאָגן, ביז קוילן וועלן סטייען; אוודאי קאָנען זיי פּרוון דורכרייסן די בלאָקאַדע. וואָס זאָלן אָבער טאָן די איבעריקע, די אַלטע

לייט, די פרויען און קינדער? צעטיילן זיך, ווי אנדערע אפטיילן טויט, אין קליינע גרופקעס און פרובירן זיך דורכרייסן? איז אבער נישט פאראן אזויפיל באוואפנטע, וואס זאלן קאנען „רעקן". און האם הייסט — גיין אויף א זיכערן טויט.

אלע אויף דער באזע ווייסן, אז וויבאלד פון דער פרי און איז זייער גאנצער שטאב נישטא, וועלן זיי מסתמא שוין ברענגען עפעס נאר וויכטיקע ידיעות. מאכט מען מיט קיין אויג נישט צו און מען ווארט...

פארטאג זיינען פאמעלעך־מיד אריינגעריטן אויף דער באזע דער קאמאנדיר, דער קאמיסאר און דער שטאב־שעף מיט זייערע אדיוטאנטן. דער עולם האט מיט פארויטלטע, נישט אויסגעשלאפענע אויגן זיך איינגעגעסן אין זייערע פנימער, וועלנדיק דערגיין כאטש א סימן, וואס זאל זאגן ווי עס האלט. דעם קאמיסארס פנים איז, ווי געווייגלעך, רואיק און ווי געוויינלעך קאן מען פון דעם גארנישט ארויפלייענען. דער שטאב־שעף האט נאך נישט באוויזן די לייצעס ארויסצולאזן, איז ער שוין אויף דער קיך, קוקט אריין אין די ווארשטאטן, נישטערט אין דער מיל און שטעלט אויס די וואך־דריי. דער קאמאנדיר האט זיך אראפגעלאזט אויפן גראז לעבן א פאר קינדערלעך און, שוין איז ארום אים פול מיט געלעכטער, מיט געשריי און שפיל.

ס'האט עמעץ פון עלטערן עולם זיך צוגערוקט, כלומרשט אפצר־ווישן א קינדעריש נעזל, און בעת־מעשה א פרעג געטאן:

— ווי האלט עס עפעס, קאמאנדיר?

— וואיל ווי די וועלט, נשמה מיינע, — און ס'האט באלד געוווסט די גאנצע באזע דעם באטייט: מיר האלטן זיך אלע צוזאמען, און זאל זיין וואס עס וויל זיך...

די זיכערקייט, אז נאר אזוי וועט עס זיין, איז ביי אלעמען נאך שטארקער געווארן, ווען אין דעם זעלבן פארנאכט האט ליובע געבוירן א צווילינג.

---

פון דער באזע איז מען ארויס ווי נאר ס'איז טונקל געווארן. אלץ איז געווען אזוי, ווי דער פלאן האט פארויסגעזען. די ערשטע האבן זיך אויף פערד ארויסגעלאזט די אויסשפירער און פארבינדלער. נאכדעם האט מיט זייטיקע וועגן זיך ארויסגעלאזט, פארנעמענדיק זיך אין א האלבן קרייז אויף רעכטס, די גרופע בראש מיטן קאמיסאר, געשיצט

פון שטלעכע ציענדליק באוואָפּנטע. אין דער זעלבער צייט איז אויך ארויס די גרופּע פון לינקס בראש מיטן שטאב־שעף. ערשט נאָך זיי איז ארויס די ציענטער־גרופּע אין דער ריכטונג פון די אויסשפּירער. פאַרויס איז געגאנגען דער קאָמאנדיר. די גרופּע האָט נאָך נישט באוויזן ארויס פון וואלד, ווי דער קאָמאנדיר האָט געגעבן אַ צייכן זיך אָפּצושטעלן. דער אדיוטאנט האָט זיך שנעל אַ לאָז געטאָן איבער דער גאנצער לענג זוכן ליובען. געבראכט זי מיט נאָך אַ פרוי, וואָס האָט איר, ליובען, געד־האָלפן, האָט דער קאָמאנדיר זיי אריינגעשטעלט אין דער ריי לעבן זיך, לעבן דער באוואָפנטער וואך, אוועקגעזעצט ביי זיך אויף די הענט דעם צוויליינג און געהייסן זיך רירן פון אָרט.

— וועד איז געדעכט געוועזן, ליובע, — האָט דער קאָמאנדיר, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, סודותדיק אַ זאָג געטאָן, און שפּאנענדיק פאָר־רויס ווייטער געפּליסטערט שוין פאר זיך:

— ס'וועלן נאָך קינדער זיך האָדעווען ביי די מאמעס... ס'וועלן נאָך וואקסן און געזונט זיין... ס'וועלן ווידער זיין מענטשן... ס'עלן זיין יידן...

כאָטש קיינער אין דער לאנגער קאָלאָנע האָט דעם קאָמאנדירס שעפּטשען נישט געהערט, איז פון אלעמענס הערצער ביסלעכווייז אָפּ־געגאנגען דער נאָגנדיקער פּחד. דער טראָט, ביז גאָר אַ פאַרזיכטיקער, איז דרייסטער געוואָרן.

פאַרויס איז געגאנגען דער קאָמאנדיר, און אויף ביידע הענט האָט ער איינגעטוליעט געטראָגן דעם צוויליינג און שטיל, ווי צום איינשלעפערן, צוגעזונגען:

„איך האָב אַ קליינעם יינגעלע
אַ זונעלע אַ פיינס...".

# די קראַנקן־שוועסטער

ס'איז געווען אַ צייט, ווען אַ פּאַרטיזאַן פֿלעגט זיך ווינטשן: בעסער חער טויט, איידער ערנסט פֿאַרווּנדעט ווערן. וואָרים מעדיקאַמענטן זיינען געווען ווייניק. דאָקטוירים זיינען אויך נישט געווען אין אַלע אָפּטיילן. איז אַ פֿאַרווּנדעטן אויסגעקומען שווידערלעך זיך צו מאַטערן.

זינט טאַניע איז פֿון געטאָ אַנגעקומען אין דעם אָפּטייל, האָט קיין פֿאַרווּנדעטער, מעג זיין מיט דער שווערסטער ווּנד, זיך מער דעם טויט שוין נישט געווּנטשן.

ווען מיר האָבן טאַניען מיט נאָך עטלעכע ייִדישע פֿרויען דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט לעבן אַ דאָרף, נישט ווייט פֿון אונדזער לאַגער, האָט איר הולך, נישט ווילנדיק, אַרויסגערופֿן געלעכטער. זי האָט מיט אונדז צוזאַמען מיטגעלאַכט. די ביקס, מיט וועלכער זי איז געקומען אין אָפּטייל, האָט זיך אַזוי ווייניק געפּאַסט צו איר גאַנצן אויסזען, אַז ביי אונדזער גאַנצער צוגעוווינטקייט צו זען פּאַרטיזאַנער אין די פֿאַרשידנסטע טראַכטן* — אין האַרטע און ווייכע היט, אין די פֿאָרמעס פֿון די פֿאַרשידנסטע אַרמייען אין חער וועלט, — האָט דאָך טאַניעס „קאָמפּאָרייִשער" הולך געצווּנגען זיך אַ ווייצל טאָן אויף איר חשבון.

פֿון פֿאַך איז זי אַ לערערין. ביי די דייטשן האָט זי געאַרבעט אַלס שוואַרצאַרבעטערין אויף אַ ציגל־פֿאַבריק. פֿון דאָרט טאַקע איז זי מיט נאָך מענטשן פֿון געטאָ, אָן אַ וועגווייזער, אַוועק „אין דער וועלט", כּדי אַנצוקומען אין אַ פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל. צו מעדיצין האָט זי געהאַט אַ שטיקל שייכות: זי האָט אַמאָל געהאַט געענדיקט אַפּטייקער־קורסן. איז זי געוואָרן די מעדיצין־שוועסטער און די דאָקטערין.

פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַלטן, אַז ביי טאַניען איז אַ מזלדיקע האַנט. טאַניע האָט צו אירע באַשיידענע הייל־קענטעניש פֿאַרמאָגט נאָך עפּעס,

וואָס איז אין פּאַרטיזאַנישע באַדינגונגען גאָר, גאָר ווייכטיק: געטרײשאַפט און ליבע פון אַ מוטער.

ווען מ׳האָט דעם שווער פאַרווונדעטן פּאַרטיזאַן בוראַטשעווסקי ענדלעך אַריינגעזעצט אין אַ סאָוויעטישן עראָפּלאַן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער עראָדראָם, כדי אים, דעם שווער פאַרווונדעטן, צו נעמען אויף דער „גרויסער ערד", האָט ער אויף זיין אומפאַרשטענדלעכן לשון גענומען רופן, בעטן. מ׳האָט, ענדלעך, פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל: ער פאָדערט, מען זאָל אויך טאַניען אַריינזעצן אין עראָפּלאַן.

פון אַ פינצטלעכער דום־דום קויל איז ביי בוראַטשעווסקין אויסגעשלאָגן געוואָרן אַן אויג, און אָפּגעריסן געוואָרן די צונג. זיין „שפּראַך" האָט קיינער פון אונדז נישט פאַרשטאַנען, בלויז טאַניע — זי האָט יעדעס „וואָרט" זיינס פאַרשטאַנען, און איז געווען אונדזער איבערזעצערין. זי איז פון דעם פאַרווונדעטן אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעטראָטן, שלאָפלאָזע נעכט און גרויסע מי־פולע טעג פאַרבראַכט און דערפירט דערצו, אַז דער פאַרצווייפלטער בוראַטשעווסקי, וואָס האָט נישט איין מאָל געבעטן מ׳זאָל אים דערשיסן, האָט אָנגעהויבן זיך צו שעמען פאַר זיין קליינמוטיקייט, האָט אָנגעהויבן ווילן לעבן...

געשען איז דאָס, וואָס אין פּאַרטיזאַנישן לעבן איז עס אַ טאָג־טעגלעכער שטייגער. ס׳איז געקומען אַ באַפעל זיך צו רירן פון אָרט, אַריבער אין אַ צווייטן, גאָר ווייטן ראַיאָן. דער וועג איז אַ געפערלעכער — מ׳דאַרף צוויי מאָל דורכגיין אייזנבאַן־ליניעס. אָן קאַמף וועט עס אַוודאי נישט געלינגען. נעמען מיט זיך שווער פאַרווונדעטע איז אוממעגלעך. בלייבט, אַז די שווער־פאַרווונדעטע וועט מען לאָזן אויפן אָרט, אין אַ שכנותדיקן יידישן פאַמיליען־לאַגער. פאַר טאַניען שטייט די זייער האַרבע ברירה: מיטגיין מיטן קאַמפּס־אָפּטייל, מיט די אַלע לייבלעך־נאָענטע פאַרטיזאַנער, מיט וועלכע טאַניע איז שוין נישט איין פייער דורכגעגאַנגען, אָדער בלייבן מיט די פאַרווונדעטע און קראַנקע, וועלכע נייטיקן זיך אין איר הילף.

טאַניע האָט באַשלאָסן: זי בלייבט מיט די פאַרווונדעטע. זי וועט ווייטער טאָן איר פּאַרטיזאַנישע זאַך. די פאַרווונדעטע, קראַנקע, צעקאַליעטשעטע פּאַרטיזאַנער וועט זי צוריק ברענגען אין די קאַמפּס־ריען, כדי זיי זאָלן מיט צווייענדיקער ענערגיע נקמה נעמען פאַר זייערע וווּנדן, פאַרן געפּטרטן געזונט און אינאיינוועגס — פאַר טאַניעס, דער יידישער לערערינס, פיין, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין אין דעם געטאָ.

# מיט דעם שונאס באָמבע

קיין באפעל איז נישט געווען — פון זיך אליין זיינען די רוישיקע זומער־פארנאכטן מיט הארמאָשקע, מיט געזאנג, מיט הארציקן געלעכטער אינם פארטיזאנישן אָפּטייל אויף פארכאָמענקאָס נאָמען, אלץ שטילער און שטילער געוואָרן. טיפע זאָרג האָט זיך ארויפגעלייגט אויף די פנימער פונם פארטיזאנישן עולם. וואָס מען האָט געטאָן — האָט מען געטאָן גרינטלעכער, שנעלער, אָן איבעריקע טענות.

ס׳איז ערב „מאראטאָן" — אזוי האָט איבערגעגעבן דער פארטיזאנישער אויסשפּיר, אזוי גיט צו וויסן די פארצווייגטע פארטיזאנישע אגענטור פון אלע ארומיקע אדמיניסטראטיווע פונקטן, ווו ס׳געפינען זיך דעם שונאס גארניזאָנען.

ס׳איז נישט דאָס ערשטע מאָל, ווי דער שונא ציט אָפּ גאנצע דיוויזיעס פון פראָנט, כדי זיי צו ווארפן אין קאמף קעגן דער ברייט פארצווייגטער פארטיזאנער־באוועגונג („מאראטאָן" הייסט עס אויפן פארטיזאנער לשון). אויסדרייערן און בייקומען אין דעם פארשטייענדיקן אומגלייכן קאמף — אזא איז די זאָרג פון די פארכאָמענקאָ־פארטיזאנער, פון וועלכע די מערהייט איז ערשט מיט 3—4 חדשים צוריק געקומען פון געטאָ.

לעבעדיקער איז מיטאמאָל געוואָרן, ווען אין אָפּטייל איז אָנגעקומען דער ערשטער „גרוס" פונם שונא. אויפן לאגער איז אָנגעפלויגן א סטייע פאשיסטישע אעראָפּלאנען. יצחק מינדעל איז גראָד געווען ביי זיך אין ביידל, ווען ביי אים צופוסנס איז אראָפּגעפאלן א באָמבע. אראָפּגעפאלן און געבליבן ליגן א נישט אויפגעריסענע.

— דארפסט גומל בענטשן, — חכמען זיך יאטן.

נישט וועגן גומל בענטשן האָט געטראכט דער פארטיזאן צוקער־מאן, ווען ער האָט פון אלע זייטן באטראכט און ארומגעטאפּט די דיי־

טשישע „מתנה”. ער איז צוזאמען מיט חיים בערנשטיין און חיים דוואָס־קין אוועק, מיטנעמענדיק מיט זיך די באָמבע, כדי זי אָפּצושיקן, ווי זיי האָבן געזאָגט, „מיט א באנדעראָל” אירע באַלעבאַטים.

ביים וואלד־אויסגאנג האָט דער דרייליגג פארמינירט מיט דער דייטשישער באָמבע דעם וועג, פון וועלכן מען האָט דערוואַרט דעם אָנגריף פון שונאס חיל.

פּאַרטיזאַנער האָט אין וואלד גענומען זיך אריינשלייכן א לאסט־מאשין, פול אָנגעלאָדן מיט היטלערישע אויטאָמאטלער. פּאָרויס זיינען געגאנגען אויסשפּירער, און זיי האָבן פון צייט צו צייט געגעבן צו וויסן: מ׳קאָן! דער וועג איז פריי!

האָבן די הערצער ביי די דריי פּארטיזאנער־מינירער אזוי האסטיק גענומען קלאפּן, אז ס׳האָט זיך זיי געדוכט: דער שונא קאָן עס דערהערן. וועט דען דער וועג ווירקלעך פריי זיין פאר זיי?

דער וועג איז אויף א שטיק צייט פארפּראָפּט געוואָרן.

די דייטשישע באָמבע האָט אויפגעריסן און זיך צעפלויגן אויף שטיקער צוזאמען מיט קעפּ, הענט און פיס פון דרייסיק היטלער־באנדיטן, וואָס זיינען געקומען „מאראטאָנעווען” אינם פּארטיזאנישן וואלד.

געווען איז א צווייטער פּארנאכט, א שפּעט־הארבסטיקער. און ווי־דער האָט דער געוויינלעכער שטייגער אינם פּארכאָמענקאָ־אָפּטייל א האסטיקן טרייסל באקומען. איבער דער גרויסער ווילדעניש האָט זיך פון איין עק ביזן צווייטן בליצשנעל פארשפּרייט די ידיעה: די היטלערישע אָנגעגטן — די אָקאָפּאָציעס האָבן דערמאָרדעט דרייצן יידן, פּארטיזאנער פונם 106־טן אָפּטייל. דאָס איז געווען א סיגנאל פאר די פּילצאָליקע פּאר־טיזאנישע בריגאדעס און אָפּטיילן זיך א נעם צו טאָן און אויסראָטן די דאָזיקע פּראָוואָקאטאָרן, וואָס האָבן טעראָריזירט די ארומיקע באפעלקערונג.

די קאָמאנדירן פונם פּארכאָמענקאָ־אָפּטייל האָבן באקומען א ידיעה, אז אין איינעם א דאָרף האָבן די אָקאָפּאָציעס זיך גאָר פעסט איינגעניסט. איז געקומען א באפעל: אויסראָטן די באנדע ביז איינעם! צו־זאמען מיט די פּארטיזאנער־טשאָפּיעוציעס און פורמאנאָוויטשעס האָט מען גענומען ארומרינגלען די באנדיטן. זיי לאָזן זיך אָבער נישט. געווער איז ביי זיי פאראן א סך, און זיי האַגלען ממש מיט קוילן.

שלמה קאצנבאָגען באמיט זיך וואָס טרעפלעכער צו שיסן, ער בייט אָפּט דאָס אָרט, רוקט זיך אלץ נעענטער אין דער זייט פונם שונא. ס׳איז אָבער נישט דאָס! ער כאפּט א פערד און לאָזט זיך אין גאלאָפּ גלייך אין

דער ריכטונג פון דער באַנדיטן־נעסט. איצט זעט ער שוין גענוי, ווו און
אין וועמען ער שיסט. ס׳העלפן נישט די וואָרענישן פונם קאָמאַנדיר סיאַר־
מע פייגין, אז ס׳איז אין אומזין רייטנדיק צו פליען, ווען דער שונא איז
אזוי נאָענט.

שלמה איז א פאַרוווּנדעטער געפאַלן. ער ליגט אויסגעצויגן, און די
הענט גראָבן זיך קראַמפּהאַפט איין אין דער ערד. דער ווייטיק איז
גרויס. די אויגן זיינען פאַרגאָסן, און דער קאָפּ איז מוראדיק שווער גע־
וואָרן. ער דערהערט די טריט פונם שונא, וואָס האָט זיך צו אים דער־
נענטערט. ווו האָבן זיך כוחות גענומען! ער האָט די ביקס א כאַפּ גע־
טאָן און באַוויזן פופצן קוילן אריינהאַקן אין דער סאמע געדיכטעניש
פון די אָנגריפנדיקע פוילישע פאַשיסטן.

# די דריטע בריק

די פּיס האָט מען שוין ווי די בערוועניעס געשלעפּט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז נאָך אַ טראָט און אַ סוף, — מער וועט מען זיך שוין פון אָרט נישט רירן. און דאָך, ווי נאָר ס'פלעגט קומען דער באַפעל „ווייטער", האָט מען דערפילט אין זיך נייע כוחות: אַז ס'איז נאָך פאַראַן אַ „ווייטער", איז נאָך פאַראַן אַ האָפענונג אַרויסצובאַקומען זיך פונם קלעם. ערגער איז, ווען ס'בלייבט נאָר איין ברעקל ערד, אויף וועלכן מען מוז זיך שנעל איינגראָבן, ווייל דאָרט לעבן דער מחנה האָבן אָנגעהויבן זייער וועלפישן געוואָי דעם שונאס מינע־וואַרפער.

מען גייט ווייטער, און מען פאַלט, און מען שטייט ווידער אויף. שוין די ווייפלטע וואָך אַזוי? די בלאָקאַדע דויערט אָן אויפהער. דעם שונאס קייט אַרום דעם אָפּטייל ווערט אַלץ ענגער און ענגער.

אַ סך וואָלטן שוין לאַנג ערגעץ אין וועג געבליבן שטעקן (ווער וואָלט דען איצט זיך אַרומגעקוקט, צי ס'פעלט עמעצער) — אַלץ איינס לויערט דער טויט פון אַלע זייטן, צו וואָס זשע זיך פייניקן נאָך?! איז אָבער פאַראַן אין דער אָפּטיילונג דער „באַלעבאָס פון דער פּושטשע", און ער רוט נישט קיין מינוט. ער לויפט פאָרויס, קומט צוריק, סודעט זיך מיטן קאָמאַנדיר, באַשמעקט יעדן קוסט, טאַפּט די ערד, און אין די הערצער פון די סאַמע פאַרצווייפלטע וואַקסט די האָפענונג: אפשר איז נאָך פאָרט פאַראַן אַן אַרויסוועג?

בענציע שאַפּיר האָט ביז דער לעצטער „אַקציע" געלעבט אין שטעטל נ.., וואָס ליגט ביים סאַמע ראַנד פון דער ווילדעניש. אַז די גאַנצע משפחה זיינע איז אומגעקומען, און ער איז על־פּי־נס אַרויס אַ לעבעדיקער פון די רוצחימס לאַפּעס, איז ער אַוועק אין וואַלד. נישט צו די פּאַרטיזאַנער — וואָס פאַראַ וואָיאַק איז פון אים, וואָס ער דערכעט קוים? נישט די

יאָרן! — נאָר צו פּויערים־שכנים, וואָס האָבן זייער כּמעט געהאַט אין דער ווילדעניש גופא, איז ער אָנגעקומען און ביי זיי שוין געבליבן. ווי אַלע פּויערים, וואָס האָבן געלעבט אין שכנות מיט פּאַרטיזאַנער־באַזעס, איז אויך ער געוואָרן אַ וועגווייזער. וואָרים אַזוי, ווי ער, בענציע, האָט געקענט די געגנט, האָט זעלטן ווער זי נאָך געקענט. אַ לעבן לאַנג האָט ער אָפּגעאַרבעט ביי וואַלד, אויסגעשפּרייזט די ווילדעניש אין דער לענג און אין דער ברייט, געקענט אירע אַזעלכע פאַרבאָרגענע ערטער, ווו קיין מענטשלעכער פוס האָט ביז אים נישט געטראָטן.

אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן די בלאָקאַדע איז בענציע אַוועק מיטן יידישן פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל. דאָ האָבן בענציען געקאָנט קינד און קייט. דאָ טאַקע האָט מען אים געקרוינט אַלס „באַלעבאָס פון דער פּושטשע".

שוין אין די ערשטע בלאָקאַדע־טעג איז פון בענציען אַראָפּגעפאַלן אַ היפּש ביסל יאָרן. רירעוודיק ווי אַ יונגערמאַן, האָט ער דעם אָפּטייל אַרויסגעפירט די היטלעריסטן פון אונטער דער סאַמער נאָז. ער האָט אַלער מאָל נייע באַהעלטענישן געפונען, ווו ס'האָט זיך געדוכט, אַז קיין שום מענטשן וואָלט נישט איינגעפאַלן אַהין דורכצוקריכן. דעם שונאס שפּיר־הינט אָבער פלעגן זיך דאָרט אויך באַווייזן, און בענציע האָט ווידער נישט גערוט.

די לאַנגע ווערט וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער. חוץ אַ ביסל סוכאַריעס איז גאָרנישט נישט געבליבן. מענטשן פאַלן פון די פיס, און די שיסעריי אַרום ווערט אַלץ נעענטער און נעענטער. צייטנווייז דוכט זיך, אַז אָט, אָט וועט בענציע אַנידערפאַלן און אויסגעשעפּטער; אָבער אומגעריכט הייבט ער ווייטער אָן צו זוכן, נישטערן, פּאַרקערעוועט דעם עולם אין אַ זייט, און ווידער דוכט זיך, אַז מ'איז ניצול געוואָרן.

אין איינעם אַ פאַרטאָג האָט זיך דער עולם געכאַפּט, אַז מען געפינט זיך ערגעץ אויפן ראַנד פון דער ווילדעניש. פון דער ווייטנס האָבן זיך גענומען זען שטיקער לויטערער הימל. ווו איז מען דאָ? און צו איז דען מעגלעך אַזאַ מין וואַלד־ברעג, ווו דער שונא זאָל נישט זיין? בענציע האָט זיך גלייך געלאָזט אַהין. ס'איז אַדורך אַ שטיק צייט און בענציע איז נישטאָ. יעדער שאָס, וואָס האָט דאָ אָפּגעהילכט, האָט געקאָנט הייסן, אַז דאָס האָט דער שונא געטראָפן זייער לעצטן אָנהאַלט און האָפענונג — בענציען...

דער אַלטער איז צוריקגעקומען אַ מידער, קוים שלעפּנדיק די פיס. ער האָט שווער געדעכעט און אַראָפּגעלאָזט זיך אויפן גראָז. זיינע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן געענטפערט אויף אַלעמענס אָנגעשטרענגטן וואַרטן.

— ניין, קיין דייטשן זיינען דאָרט נישטאָ און קאָנען נישט זיין. אָבער אויך מיר וועלן אהין נישט דערגיין. דאָרט איז חער טייך. און אויף יענער זייט איז דער טייוול־אינדזל.

דער עולם האָט פארשטאַנען, אַז ס'איז אויס מיט חער לעצטער האָפענונג, איז מען געזעסן פארשטיינערט און געפילט, אַז ס'גייט אויס טראָפּן נאָך טראָפּן דאָס רעשט ביסל כוחות. בלויז עמעצער פון די יונגע האָט מיט א חלושדיקער שטימע א פרעג געטאָן:

— און וואָס איז דאָרט, אויפן טייוול־אינדזל?

בענציע האָט אָנגעשטעלט אויף אים די מוטנע אויגן און מיט זקני־שער באַרעדעוודיקייט גענומען דערציילן וועגן אינדזל, ווו קיין מענטשלעכער פוס קאָן נישט צוקומען. שטעלסט א טראָט — און ס'ציט דיך אריין דער תהום. קיין ביימער זיינען דאָרט נישט פאראַן, בלויז קוסטעס, וועלכע דעקן צו די געפאר, וואָס לויערט דאָ אויף יעדן, ווער ס'פרווט נאָר דורכקריכן אויף דער דאָזיקער פארשאָלטענער ערד. פייגל זיינען דאָרט פאראַן — מענגעס, פון אַלע מינים. אמאָל, אין דער יוגנט, האָט ער, בענציע, זיך געלאָזט א הין מיט א שכן; אָ, מען דארף וויסן, ווי דורכצוקריכן, וו צו שטעלן א פוס. ער, בענציע, האָט כמעט דאָס גאַנצע אינדזל דורכגעשפּאַנט. וואָס איז אָבער די פעולה? ווי קומט מען אהין?!...

בענציע איז א מינוט שטיל געבליבן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט איינגעדרימלט, דער קאָפּ איז אים שווער אַראָפּגעפאַלן. מיטאַמאָל האָט ער זיך א הויב געטאָן פון אָרט און זשוואַווע צוגעשפּאַנט צו דער שטאַב־גרופּע, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אונטער א ברייטער סאָסנע.

— נאַטשאַלניק, אַלע וועלן זיך נישט קאָנען ראַטעווען — דארף מען זיך העלפן, ווער עס קאָן. אריבערשווימען דעם דאָזיקן טייך איז נישט גרינג געווען אין גוטע צייטן. אַז אויסגעמאַרעטן — אוודאי נישט. אָבער ווער עס וויל — זאָל פּרוּוון. איך וועל זיי ווייזן, ווי אַזוי דורכצוקריכן דאָס טייוול־אינדזל.

דער קאָמאַנדיר האָט אפילו די אויגן נישט אויפגעעפנט, ביעת חער אַלטער האָט גערעדט. געענטפערט האָט ער אויך אַזוי זיך, ווי גלאַט אין דער וועלט אריין:

— די דאָזיקע חכמה האָב איך שוין געהערט. נאָך פאַר חער אַבלאַווע. „ראַטעוועט זיך, ווער עס קאָן!”. מיר זייען נישט קיין היטלער־ריסטן. מיר פארמשפּטן נישט אויף אומצוקומען ווייבער, קינדער, אַלטע, קראַנקע.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך פאַמעלעך אונטערגעהויבן אויף א האַנט און געבליבן אַזוי אָנגעשטרענגט זיצן.

— ווי מיינסטו, אלטער, ס'איז טאַקע נישטאָ קיין שום אַנדער עצה?

בענציע האָט דעם קאָמאַנדירס פראַגע, נאָך זיין ביטערן מוסר, אָנגענומען אלס א חוזק פון אים. האָט ער נישטדערייסט געפרוווט אים ענטפערן אין זעלבן טאָן:

— פאַראַן, פאַראַן. פרוון אויסבאַרגן ביי משיחן איינע פון זיינע צוויי בריקן — די פאַפירענע, צי די אייזערנע — און דורך זיי אַריבערפירן די ווייבער מיט די קינדער...

דער קאָמאַנדיר האָט אָנגעשטעלט אויף אים בייזע, דורכדרינגלעכע אויגן.

— נו, און קיין דריטע בריק קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין? אפשר זאָלן מיר פרוון?

---

אלע געענטער האָט זיך אין דער וואַלד־געדיכטעניש אָפּגעשלאָגן די כסדרדיקע שיסעריי. ס'האָט זיך אָפּט געדוכט, אז ס'הערן זיך אפילו מענטשלעכע קולות. דער עולם האָט זיך א וויג געטאָן און אָנגעשטרענגט נאָכגעפּאַרשט די פלוצעמדיקע אויפלעבונג אין דער קאָמאַנדירן־גרופּע.

...די בריק האָט מען זיך גענומען בויען אַזוי: פון אלע טיילן זיינען אַרויסגעצויגן געוואָרן די גוטע שווימער, די יינגערע און קרעפטיקערע און אויך די סאַמע געוויקסיקע. צווישן די געבליבענע האָט גענומען וואַקסן דער אומרו: צי באַדייט עס נישט, אז זיי וויל מען דאָ איבערלאָזן? קיינער האָט אָבער נישט געפרוווט זיין טענה הויך אַרויסזאָגן.

צוויי גוטע שווימער האָבן מיט זיך מיטגענומען בענציען און געלאָזט זיך מיט אים אויף יענער זייט טייך. די הויך־געוויקסיקע זיינען געקראָכן אין וואַסער, ווי ווייט טיף זיי האָבן נאָר געקאָנט. דער איבעריקער עולם, ווער נאָר ס'איז בכוח געווען, האָט זיך געלאָזט זוכן לאַנגע דרענגער — אַזוי האָט דער קאָמאַנדיר געהייסן. און אז אלץ איז גרייט געווען, האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן די שווימער, זיך לאָזן, איינער נאָכן צווייטן, אין טייך. נעענטער ביים ברעג זיינען געבליבן די שוואַכסטע, וויטער זיינען געשוווּמען די קרעפטיקערע. און אַזוי האָט מען זיך אויסגעצויגן אין איין ריי, אַראָפּלאָזנדיק צום גרונט און די טיפסטע ערטער די דרענגער. און אז ס'איז געקומען דער לעצטער באַפעל, האָט איין שווימער

אָנגעכאַפּט דעם צווייטן ביים פּוס, און אין דער גאַנצער ברייט פון טייך האָט זיך אויסגעלייגט אַ בריק פון לעבעדיקע מענטשלעכע קערפּערס.

מיט דרענגער אין די הענט אויף צום באַלאַנסירן און אין נוייטר פאַל אין וואַסער אַראָפּצולאָזן, כדי זיך אָנצושפּאַרן, האָבן אָנגעהויבן דורכגיין די בריק פּרויען און קינדער. לעבן קאָמאַנדיר איז געשטאַנען גרייט אַ הילפס־גרופּע צו פאַרבייטן די אָפּגעשוואַכטע, צו ראַטעווען די, וועלכע האָבן דעם גלייכגעוויכט פאַרלוירן.

...אַרום האָבן זיך אויפגעהער געוואָיעט די מינע וואַרפערס, און אויטאָמאַט־סעריעס, לאַנגע און אָפטע, האָבן געריסן די לופט.

די צאָל פּאַרטיזאַנער אויף דער זייט פון טייוול־אינדזל איז כסדר געוואַקסן. און געוואַקסן איז אויך דער אומגעדולד ביי די, וואָס האָבן אויף זייער ריי געוואַרט. ביים סאַמע ברעג איז געשטאַנען דער קאָמאַנ־דיר און רעגולירט יעדנס באַוועגונג. ער האָט באַצייטנס באַמערקט, ווי ס'ווערן אָפּגעשוואַכט ביי וועמען די גלידער, און די „בריק" נעמט פּלאַצן. ער האָט באַוויזן אונטערשיקן אַ פאַרבייטער, ביז יענער וועט אָפּרוען און קומען צו זיך. די בריק האָט געדינט, די דערלייזונג איז אַלץ נעענטער געווען...

און אַז אויף יענער זייט טייך האָט זיך צווישן די לעצטע דער קאָ־מאַנדיר באַוויזן, זיינען פּאַרטיזאַנער, אויסגעפּרוווטע אין צרות און קאַמפן, אויף דער ערד געפאַלן און זיך פאַרכליניעט מיט אַ ספּאַזמאַטישן קייכן. פּרויען האָבן געטראָגן זייערע קינדער, ווי פּענער, דעם קאָמאַנדיר אַנטקעגן.

און ער איז אַ מידער, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין אויסגעצערטן פּנים, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף עמעצנס אַ פּלייצע, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז אָט, אָט — און ער וועט אוועקפאַלן. מיט די טיף־איינגעפאַלענע אויגן האָט ער אויפגעזוכט בענציען און שטיל, אָבער קאָמאַנ־דיריש־האַרט אים באַפוילן:

— פיר ווייטער, אַלטער!

# דער סוף און דער אָנהויב

דער גערוואַי פון די כסדר פליענדיקע סנאַריאַדן איז געווען אַזאַ מאָ־ראַדיקפאַרטויבנדיקער, אַז ס'האָט זיך געדוכט, ווען מיר זאָלן אפילו איינער דעם אַנדערן אַריינשרייען אין אויער, וואָלטן מיר זיך אויך נישט דערהערט. און דאָך זיינען מיר געלעגן טויט שטיל, נישט באַוועגנדיק מיט קיין אבר.

הינטער אונדז האָט „געאַרבעט" די אַרטילעריע. פאַרביי און לעבן אונדז, האָבן אין אָנגרייפנדיקער איילעניש, ווי נישט באַמערקנדיק אונדז, דורכגעפויזעט גאַנצע טיילן העגולערע סאָוויעטישע אינפאַנטעריע. ציימנ־ווייז בלויז האָט אַ פאַרבייקריכנדיקער זעלנער חידושדיק אָנגעשטעלט אויף אונדז די אויגן. לויט זיין שנעלן באַוועגן מיט די ליפּן האָט מען זיך גע־קענט אָנשטויסן, אַז ער שיקט דאָס אַ „גרוס" אונדזערע מאַמעס, וואָס האָבן דער וועלט געגעבן אַזעלכע פּחדנים, ווי מיר זיינען...

מיר זיינען געלעגן, ווי די מתים, ווייל אַזאַ איז געווען דער באַ־פעל פונם קאָמאַנדיר פון אונדזער פּאַרטיזאַנער אָפּטייל.

דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר אים, אונדזער קאָמאַנדיר, געזען צו־זאַמען מיט אַ גרופּע אַרמיי־אויסשפּירער, וואָס האָט די ערשטע זיך באַ־וויזן אין אונדזער וואַלד. אין איילעניש האָט ער אָפּגעגעבן עטלעכע באַ־פעלן און איז נעלם געוואָרן. שפּעטער, ווען פון יענער ריכטונג וווהין דער קאָמאַנדיר איז אוועק, האָבן גענומען אָנפליען די ערשטע סנאַריאַדן האָבן מיר, נאָך אַ רגע שטויננונג דערפילט: ס'איז געענדיקט! געוויינלעך פלעגט עס אַזוי זיין: יעדעס מאָל, ווען אונדזער קאָמאַנדיר האָט זיך אוועקגע־לאָזט אין שטאַב פון דער בריגאַדע, ווער רעדט נאָך אינם געגנטרציענ־טער, האָבן מיר אַלע געוווסט, אַז ער וועט קומען מיט עפּעס וויכטיקס: אַ נייע קאַמפּס־אויפגאַבע, אַן אויפטו, אַ שליחות, וואָס וועט געבן גרע־סערן אימפּעט אונדזער כסדר באַוועגלעך לעבן. און כאָטש אין משך פון

יארן איז זעלטן ווען איין טאג ענלעך געווען אויפן צווייטן, איז דאך ביז איצט געווען עפעס א סדר, אפילו אן איינגעשטעלטער שטייגער.

איצט האט יעדער איינער געפילט, אז מיטן קאמאנדירס צוריקקערמען וועט פון דעם ביז איצטיקן לעבן קיין זכר נישט בלייבן. און כאטש מ'האט וואכן לאנג גערעדט, דערציילט און געחלומט וועגן יענעם געבארטן טאג, ווען מען וועט פארלאזן די ערד־הייל און צווייגן־ביידלעך, איז דווקא איצט, ערב דעם לעצטן באפעל (און קיינער האט נישט געצווייפלט, אז דאס וועט זיין דער לעצטער באפעל) פונם קאמאנדיר, אנגעפאלן אויף אונדז א פיינלעכע אומרואיקייט. געוואקסן איז דער אומרו צוליב דער געליימטקייט פון דער אפטיילונג דווקא ווען ארום שטראמט האסטיק א מענטשן־מאסע. דער אומרו איז געוואקסן צוליב דעם גלייכגילטיקן פארבייגיין די אפטיילונג, וואס האט אין משך פון יארן געצווייטן אנדערע נאך זיך, געווען פאר זיי א ביישפיל אין קאמף. אלע האבן דערפילט: ס'געשעט אונדז אן עוולה, און ס'איז נישטא אפילו צו וועמען א טענה צו האבן. דער קאמאנדיר איז „דארטן", און דארט וועט מען אים זיכער זאגן: ס'איז געענדיקט מיטן פארטיזאנעווען.

ווייזט אויס, אז ביי אלעמען איז דאס געהער געווען אזוי אנגעשטרענגט, אז אין דעם ארומיקן טראכען, רעווען און סווישטשען, האט מען גלייכצייטיק דערהערט דאס צאקען פון פערדישע קאפיטעס. אויף צעפיענעטע פערד איז אנגעפלויגן דער קאמאנדיר צוזאמען מיט א מיליטער־מאן, א פארשרפעטן פון זון און ווינט, און א פארשטויבט־ציטער־קנייטשן מונדיר, לויט וועלכן ס'איז שווער געווען צו אורטיילן, צי איז דאס אן איינפאכער זעלנער אדער עפעס אן אפיצער. נישט ווארטנדיק אויף קיין באפעל, האבן מיר זיך גענומען אויפהויבן פון די ערטער, זיך צהרוקן איינער צום צווייטן. אומבאמערקט האט זיך אויסגעבילדעט א האלבער קרייז ארום די רייטער. דער ארמייער איז פלינק אראפ אויף דר'ערד, און מיט דורכדרינגלעכע אויגן גענומען נישטערן צווישן אונדז.

— פאראן דא א לאנדסמאן אפשר? כ'בין פון זשעטל...

זיין שטים איז הייזעריק געווען. גראד האט נישט ווייט פון אונדז דורכגעשווישטשעט א קויל און צעפליקט די לעצטע ווערטער פונם ארמייער. אונדזער עולם איז נעענטער צו צו אים, פארשטענדיק זיך אלס זיינע לאנדסלייט.

מ'האט זיך אפילו גענומען חכמענען אויף זיין חשבון און געווארפן מיט ווערטלעך פון פארשידענע געגנטן. א פארלעגנהייט־גרימאסע האט זיך

באווייזן אויפן ארמייערס פנים. דער קאָמאַנדיר האָט מיט דער האַנט ענערגיש אַ מאַך געטאָן אין אַנדזער זייט. מיר האָבן זיך אינסטינקטיוו צוריקגעצויגן און אויסגעגלייכט די ריי. און כאָטש מיר האָבן דערהערט פון קאָמאַנדיר דאָס וואָרט, וואָס איז פאַר קיינעם פון אונדז נישט געווען אומגעריכט, האָט עס אונדז געצוווּנגען זיך אָנצושטרענגען, כדי קיין קלאַנג נישט דורכצולאָזן:

— ס'איז געענדיקט!

באַדייט האָט עס אָבער גאָר עפּעס אַנדערש. ס'האָט באַדייט, אַז ווען מ'האָט פאַר זיך אַ מאַיאָר (דאָס וואָרט האָט ער צעצויגן אויף באַזונדערע זילבן), דאַרף מען פאַרגעסן אַלע פאַרטיזאַנער־שטיק, נישט חכמע־נען זיך ווי מיט אַ פּאַן־בראַט, נאָר ענטפערן, ווי ס'פירט זיך: אַזוי און אַזוי, חבר מאַיאָר, קיין זשעטלער איז ביי אונדז נישט פאַראַן!

— פאַראַן, פאַראַן, — האָט זיך פון דער ריי דערהערט אַ פּיש־טשענדיק קולכל פון אַ יונג בחורל, וואָס האָט עפּעס נאָך געוואָלט אַרויס־שרייען, אָבער זעענדיק, ווייזט אויס, דאָס שטרענג־אָנגעצויגענע פּנים פונם קאָמאַנדיר, האָט ער איבערגעריסן אין מיטן וואָרט.

— קריך אַרויס, יאָט, קריך אַרויס, — האָט שוין גוטמוטיק אויס־גערופן דער קאָמאַנדיר.

פון דער ריי איז נישט געאיילט אַרויס דאָס יונגע בחורל. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט לעבן מאַיאָר, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך. איין בליק אויפן קאָמאַנדיר, און דאָס יאָטל האָט זיך מיליטעריש אויס־געצויגן:

— אַזוי איז עס, חבר מאַיאָר, כ'בין אַ זשעטלער!

— געבליבן עמעץ ווער אין שטעטל? די בערגערס האָסטו געקענט?

— דעם פאָטאָגראַף? אוודאי געקענט, קיינער איז נישטאָ. אַלע זיי־נען אומגעקומען...

וואָלט עס נישט אַזוי אָן אויפהער געטרייסלט דעם וואַלד, וואָלטן אפשר אַלע באַמערקט, ווי דער מאַיאָר האָט זיך לייכט אַ וואַקל געטאָן. זיין פאַרשטייבט פּנים איז אומבאַוועגלעך־שטרענג געבליבן. ער איז אונדז אַלעמען מיטאַמאָל געוואָרן היימיש־נאָענט, אָט אַזוי, ווי ער וואָלט אַלע יאָרן דאָ, מיט אונדז צוזאַמען, זיך געיאָגט נאָך די, וואָס האָבן זיין זשעטל אומגעבראַכט.

ארום דעם מאַיאָר האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט דער גאַנצער שטאַב, און מ׳האָט גענומען עפּעס צייכענען, אויסרעכענען, פֿאַרשרייבן. ס׳האָט פֿאַמעלעך זיך אומגעקערט צו אונדז דער ניגער, ווי דעמאָלט, ווען דער קאָמאַנדיר פֿלעגט אַוועק אין בריגאַדע־שטאַב. און נישט ווי קיין אָנזאָג פֿון סוף האָבן איצט שוין געקלונגען די ווערטער פֿונם קאָמאַנדיר, אַז „געענדיקט מיטן פּאַרטיזאַנעווען", נאָר ווי דער אָנהייב, צו וועלכן מיר האָבן אין משך פֿון די וואַלד־יאָרן געבענקט, וועגן וועלכן מיר האָבן געטרוימט.

## דער 14־יאָריקער פּאַנענטרעגער

— שוין? געענדיקט?

ער ווייסט עס גוט, דער 14־יאָריקער פּאַרטיזאַן ליאָנקע אַקון, אַז צום לעצטן מאָל האָט דער אָפּטייל היינט זיך אויסגעשטעלט רייענווייז, כדי אויסצוהערן דעם באַפעל פון זיין קאָמאַנדיר.

ביזייענדיקע קאָמאַנדירן פון די פאָדערשטע אַרמייאישע פראָנט־טיילן ריידן פאַרן עולם, דערציילן: די גרויסע פעלקער־שלאַכט קענען פאַר־שיזם דערנענטערט זיך צום זיגרייכן סוף. יעדער פון אייך, פּאַרטיזאַנער וועט דאַרפן אויף זיין פּלאַץ אָנשטרענגען אַלע כּוחות, כדי צו דערנענ־טערן דעם טאָג פון גרויסן נצחון.

באַלד קומט דער באַפעל פון דעם שטאַב:

— גרייט זיין צום אָפּמאַרש אין דער הויפּטשטאָט!

— נאָך וואָס? — פרעגט שטיל דאָס מינסקער יאַטל ליאָנקע אַקון. זיין מאַמע און שוועסטער האָבן די פאַשיסטן אין געטאָ דערהרגעט. פון טאַטן און ברודער ווייסט ליאָנקע גאָרנישט. וווהין וועט ער זיך אומקערן? און וואָס וועט ער אַזוינס דאָרט קאָנען טאָן צו שטילן דאָס אויפגע־בראָזטע האַרץ, צו זעטיקן די גיריקייט נאָך נקמה פאַר זיין יתומהשאַפט, פאַר זיין באַרויבטער יוגנט?

ליאָנקע איז שטיל אָפּגעגאַנגען אין א זייט, אַפּגעוואַרט, ביז דער עלטסטער צווישן די סאָוויעטישע אַרמיי־אָפיצירן האָט זיך אָפּגעקערט אויף א ווייַלע פון דער גרופּע, און מיט געבעט זיך צו אים געווענדט:

— נעמט מיך מיט זיך... איך קאָן גוט שיסן...

ליאָנקע קאָן ווירקלעך גוט שיסן. נאָך פאַרן קומען אין וואַלד האָט ער ביי א היטלערישן אָפיצער צוגעשלעפט א פּיסטאָלעט. ער האָט אויס־געצייכנט געווער אין האַנט. האָט אים דער אַרמייאישער קאָמאַנדיר מיט־גענומען מיט זיך.

פון וואלד האט ליאָנקע געבראַכט אין דער אַרמיי די קענטשאַפט צו לויערן און באַווייזן זיך דאָרט, וווּ דעם שׂונאס חיל פילט זיך גאָר זיכער. ער איז אין זיין טייל געוואָרן אַ ספּעציאַליסט אויף פאַנגען „צינ־גער".

ס'איז געווען ערב דער היסטאָרישער שלאַכט ביי די גרענעצן פון דייטשלאַנד. אַ „צונג" איז נייטיק געווען ווי דאָס לעבן. ליאָנקע בעט זיך — ער וועט ברענגען.

דעם היטלעריסט, וועלכן ליאָנקע האָט אָנגעמערקט אַלס "צונג", האָט ער פריער פאַר אַלץ געפּלעפט מיט זיין פיין דייטש רעדן (דאָס האָט ער זיך נאָך אין געטאָ אויסגעלערנט). באַלד האָט ער אים מיטן אויטאָמאַט אַזאַ טשמעליע געטאָן איבערן קאָפּ, אַז יענער איז ווי אַ בערוועטע געבליבן ליגן. אין אַ האַלב פאַרחלשטן צושטאַנד האָט אים ליאָנקע גע־בראַכט אויפן קאָמאַנדירן־פּונקט. פאַרן אויסגעשטעלטן אַרמייאישן טייל איז אויסגעלייענט געוואָרן דער באַפעל וועגן באַלוינען ליאָניע אָקון מיט אַ רום־אָרדן פון דער 3־טער שטופע.

אַ צווייט מאָל, ערב אַ וויכטיקער שלאַכט, איז ליאָנקע אַוועק מיט נאָך עטלעכע אַרמייער און געבראַכט גאַנצע צוויי לשון־געבערס. זיין שמאָלע יינגלשע ברוסט איז באַצירט געוואָרן מיט אַ רום־אָרדן פון דער 2־טער שטופע.

געווען זיינען אין ליאָנקעס קאַמפּס־טעג גאָר שווערע, קריטישע מי־נוטן. איז אים דאָן באַזונדערס צונוץ געקומען די האַרטקייט און קאַלט־בלוטיקייט, וואָס ער האָט פון פּאַרטיזאַנישן אָפּטייל מיטגעבראַכט.

ס'איז געקומען דער באַפעל צו שטורעמען אַ הויכפּונקט, פון וואַנען דער שׂונא האָט געהאָגלט מיט קוילן. מיט אַ שטורעמדיקן הוראַ איז דער אַרמייאישער טייל אַוועק אין אָנגריף. פאָרויס — די רויטע קאַמפּס־פאָן. דער פאָנענטרעגער איז געפאַלן, און אַ צווייטער כאַפּט אונטער די פאָן. איז אויך דער צווייטער געפאַלן. ליאָנקע שפּרינגט פלינק צו, הייבט אויף די פאָן און לאָזט זיך אַוועק מיט איר פאָרויס — ער איז דער ער־שטער אויפן הויכפּונקט.

לאַנג פאַרהאַלטן זיך טאָר מען ניִשט, מ'דאַרף טרייבן דעם שׂונא, ער זאָל ברעכן האַלדז־און־נאַקן. ס'פילט ליאָנקע, ווי די כּוחות גייען אים אויס. עס באַגיסט אים אַ קאַלטער שווייס, ער לויפט אָבער פאָרויס מיט דער פלאַטערנדיקער פאָן, און צוזאַמען מיט אים — די אָנגרייפנ־

היקע קאמפּס־חברים. ס׳שרייט דער קאָמאַנדיר צו ליאָנקען: „לייג זיך! די סאַניטאַרן וועלן דיך צונעמען! דו וועסט דאָך מיט בלוט אָפּגיין״. ליאָנקע שטעלט זיך נישט אָפּ, ווייל גרעסער ווי דער ווייטיק פון דער ווונד איז געווען די פרייד, די גרויסע פרייד פון אָנגרייפן און זיגן, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ פונם געטאָ־יינגל.

וויאַזוי ער איז אין שפּיטאָל געקומען — געדענקט ליאָנקע נישט. סאָוויעטישע אַרמייער האָבן דערציילט, אַז אַ פאַרחלשטער איז ער געלעגן, האַלטנדיק אַזוי פעסט צוגעדריקט צו זיך די פאָן, אַז מ׳האָט זי מיט כוח געמוזט ביי אים אָפּנעמען.

און נאָך האָבן די אַרמייער ליאָנקען דערציילט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל צו זיך געקומען אין שפּיטאָל, אַז דאָ איז געווען דער קאָמאַנדיר און געמאָלדן: דער געוועזענער פּאַרטיזאַן, דער אַרמייער ליאָניד ראָסין, געבוירן אין יאָר 1930 אין דער שטאָט מינסק, ווערט פאַר העלדישקייט און דרייסטקייט אין קאַמף קעגן די היטלערישע פאַרכאַפּער צוגעשטעלט צום באַלוינען מיט די אָרדנס „רויטער שטערן״ און „רויטע פאָן״.

ווען דער סאַניטאַר־צוג, מיט וועלכן ליאָנקע איז געפאָרן, האָט זיך דערנעענטערט צו מינסק, האָט דאָס האַרץ ביי אים האַסטיקער גענומען קלאַפּן. ווי זעט זי אויס, די היימשטאָט, נאָך חדשים און יאָרן געטאָ, וואַלד־קאַמף און פראָנט? אַוועק איז ער נאָך כמעט אַ קינד און קערט זיך אום צוריק אַ פאַרהאַרטעוועטער מאַן (כאָטש קוים 15 יאָר איז ער אַלט). דעם שונאס קוילן האָבן איין עטלעכע ערטער דורכגעלע־כערט זיין קערפּער. פונדעסטוועגן איז האַרט און פעסט זיין טראָט איבער די גאַסן פון דער אויפגעלעבטער היימשטאָט.

# מיט די זעלבע הענט

ס'איז געווען פאר אלעמען גאר פיינלעך, אבער קיין ברירה איז נישט געווען:

מ'האט נאך אלץ געמוזט בלייבן אין וואלד, כאטש דער פראנט איז שוין געווען א סך צענדליקער קילאמעטערס פארויס. מ'האט נאך געמוזט בלייבן אין מיטן וואלד, כדי די בלאנדזשענדיקע, צעקלאפטע היטלעריסטן־גרופעס זאלן נישט פרוון דא זיך באזעצן, איבערנעמען אנדערע באזעס און פון דאנען באנדיטעווען אין דער געגנט. מ'האט אויך געמוזט בלייבן, כדי אויפצוכאפן אלע מינעס, וועלכע מיר אליין האבן פארלייגט אין פארשידענע ערטער. איצט האבן זיי געדראט מיט טויט אומשולדיקע פויערים, וועלכע האבן זיך געלאזט אינעם וואלד נאך געהילץ, נאך יאגאדעס.

דאס אלץ איז טאקע געווען פארשטענדלעך. אבער זיצן אין א שטאך ארבעט דאן, ווען אנדערע אפטיילן זיינען אוועק אויפן פראנט, אדער האבן איבערגענומען די פולע מאכט אין זייערע ראיאנען און רודערן א וועלט — דאס איז געווען אומדערטרעגלעך. האבן זיך פארטיזאנער קיין ארט נישט געקאנט געפונען, ארומגעדרייט זיך ווי נישט היגע. זייערע באוועגונגען זיינען געווארן פוילע, די צורות — אפגעבליאקעוועטע, אפגעלאזענע. א ביסל לעבעדיקער פלעגט ווערן, ווען די אויס־שפירערס פלעגן סיגנאליזירן, אז זיי זיינען געפאלן אויף די שפורן פון בראדיענדיקע היטלעריסטן. ס'פלעגט זיך אנהויבן א שיסעריי — כאטש הימל עפן זיך. מ'האט געקלאפט סתם אזוי זיך, און דער גאנצער ענין האט גיכער אויסגעזען ווי דאס פלאשען חיות בעת יאגד, אוידער פירן א נארמאלע שלאכט. דאס פלעגט אבער טרעפן נישט אפט.

געווינלעך פלעגט מען פארנאכטצייט זיך צונויפנעמען קרייזלעכ־וויז, און וואס ווייטער, אלץ אפטער און העכער האט מען גענומען אויס־

דריקן אומצופרידנקייט מיטן שטאב, וואָס לאָזט זיי פּאַרזייערט ווערן. ס'איז שוין אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ווען דער שטאַב־שעף האָט אײַן אַ מיטן נאַכט געמאַכט אַ קאַמפּס־אַליאַרם, האָט עס פּיינלעך לאַנג געדויערט ביז דער עולם איז אַרויס פון די נאַרעס.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט זיך שוין קיינער מער נישט געלייגט שלאָפן, כאָטש ביזן אָפּמאַרש איז געבליבן אַ סך שעהן. דער שטאַב־שעף האָט געמאָלדן וועגן באַפעל פון צענטער, אַז די אָפּטיילונג זאָל זיך לאָזן צו דער הויפּטשטאָט, וווּ ס'וועלן זיך צונויפזאַמלען די פּאַרטיזאַנישע בריגאַדעס. דאָרט וועט מען זיך שוין הערווים, וואָס יעדער איינער וועט באַדאַרפן ווייטער טאָן. די אָנגעוואַקסענע שוועריקייט האָט זיך מיט אַמאָל איינגאַנצן אָפּגעטאָן פון די פּאַרטיזאַנער. זייערע באַוועגונגען זיינען שנעלערע געוואָרן. מ'האָט אויפן ווינק אויפגעכאַפּט יעדן באַפעל פון שטאַב און מיט באַזונדערן איפער זיך באַמיט אַלץ פּינקטלעך צו טאָן. מ'האָט אָנגעהויבן רייניקן די מלבושים, זיך גרינטלעך איינוואַשן. באַלד זיינען אויסגעוואַקסן גאַנצע ראַזיר־„אַנשטאַלטן", איינער האָט דעם אַנדערן געהאָלפן באַקומען אַ לייטיש אויסזען, כאָטש געוווּסט האָט מען, אַז דער וועג איז אַ ווייטער און נישט איינער וועט נאָך זיינע פּאַדעשוועס לאָזן ערגעץ שטעקן.

אין דער לעצטער מינוט, ווען אַלץ, וואָס מ'האָט נאָך געקאָנט פּאַרלאָזן אויף די וועגענער איז שוין געווען איינגעפּאַקט, און מען האָט זיך גענומען פונאַנדערוואַרפן די היילן, כדי די היטלעריסטן זאָלן זיך דאָרט נישט באַזעצן, איז אַ הערדריקנדיק־שווערע שטילקייט אָנגעפאַלן אויף אַלעמען. ערשט איצט האָט מען באַנומען, אַז מער וועט שוין נישט אויסקומען זיך אומצוקערן אין די דאָזיקע ערטער, וועלכע האָבן היימיש געוואָרעמט און מוטערלעך באַשיצט דאָן, ווען אַרום האָט טויט־געפאַר געלויערט אויף שריט און טריט. שטיל, כמעט אייַנציקווייז האָט מען זיך געלאָזט פון וואַלד. ערשט אָנקומענדיק נאָענט צו אַ דאָרף, האָט מען זיך גענומען אונטערציִען, פּאַרמירן רייען און אָפּשלאָגן אַ זעלנערישן מאַרש־טראָט אויף די שטויביקע דאָרפישע וועגן. אומעטום זיינען פּויערים אַרויס באַגעגענען און געזעגענען אַלטע באַקאַנטע, רופנדיק אַ סך ביי די נעמען, אָדער פּאַרטיזאַנישע צונעמענס.

אין דער לעצטער ריי איז אַ באַלאָדענער מיט אַן אָנגעשטאָפּטן רוקזאַק געגאַנגען דער דיווערסיע־עלטסטער שלמה סטריכער. אויף זיין צעבראָדעטן פּנים איז נישט קענטיק געווען קיין סימן פון געריסנ־

קיים צוליב דעם אָפּשייד מיט די אַלטע ערטער און פריינד. אַמאָל בלויז, ווען מצד די באַגריסער פלעגט פאַלן אַ רוף „זיי געזונט, שליאָמקע״, פלעגט זיך אויף זיין פּנים באַווייזן אַ גרימאַסע, וואָס האָט געזאָלט ענלעך זיין אויף אַ שמייכל.

שלמה סטריכער קערט זיך אום מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן ער איז מיט צוויי יאָר צוריק געקומען אַהער פון געטאָ, מיטן זעלבן וועג, וועלכער האָט אים, דעם דיזוערטיר־עלטסטן, צענדליקער מאָל געפירט צו די באַנען און שאָסייען פונם שונא. ער קערט זיך אום אַהיים, וואָס איז מער קיין היים נישט, וווּ קיינער דערוואַרט אים נישט. שלעפּט ער די פיס, וואָס זיינען אַזוי פלינק געווען בעת שליחותן און אויפגאַבן און זיינען איצט שווער, קוים, וואָס זיי באַוועגן זיך.

נאָך איידער מ'איז דערגאַנגען צום גרויסן טייך, וואָס אויף זיין צווייטן ברעג איז די באַן־סטאַציע, האָט שלמה סטריכערן אָפּגערופן דער קאָמאַנדיר. אין דער פריערדיקער כאַטע, ווו שלמה איז אַריין, האָט ער אַ חוץ די שטאַב־מיטגלידער פונם אָפּטייל געטראָפן עטלעכע אַרמיי־אָפיצערן.

— אָט איז ער, דער הויפּט־שולדיקער — האָט דער קאָמאַנדיר טויט־ערנסט פאָרגעשטעלט שלמהן פאַר די אָפיצערן.

שלמה איז געשטאַנען אַ צעחושטער, נישט ווויסנדיק ווו אַהינצוטאָן זיינע צעפּינטלטע אויגן. איצט, ביים סאַמע סוף — אַ באַשול־דיקטער גאָר! און וואָס גייט דאָ?

פון פאַרלעגנהייט האָט אים אַרויסגעפירט אַ קליינוווּקסיקער, זשוואַ־ווער קאַפּיטאַן:

— מיט וואָס האָט איר די בריק געריסן?

— די בריק? וועלכע?

די אָפיצערן איז געגאַנגען אין דער בריק, וואָס אויף דעם נאָענטן טייך.

שלמה איז שוין צוריק „ביי זיך אין דער היים״. ער דערציילט פון דער ערשטער שלאַכט פאַר דער בריק, ווען דעם אויפרייסן זי כמעט מיט די הוילע הענט, און נאָכדעם, ווען דער צווייטער שלאַכט פאַר דער זעלבער בריק, ווען די דייטשן האָבן זי צוריק אויפגעבויט — שוין מיט ביקסן און גראַנאַטן קעגן קוילנוואַרפערס און אויטאָמאַטן.

די לעצטע בריק איז מיט אויפּריים־מאַטעריאַל געפּטרט געוואָרן. דאָ איז די אַרבעט געווען גאָר, גאָר אַ ציכטיקע, קיין בריק זאָל שוין דאָרט מער נישט זיין...

— אָט, אָט וועגן דעם טאַקע גייט עס — האָט אונטערגעכאַפּט אַ פרייגרויזגעוואָרענער אָפיציר — אַז די בריק זאָל באַלד זיין. און איר זאָלט אין דעם העלפן.

---

שוין דעם צווייטן טאָג, ווי דער אָפּטייל האָט זיך איין אין אַרבעטס־ברייגאַדע פאַרוואַנדלט. האַלב־נאַקעט איז מען אין וואַסער געקראָכן, און ס'איז פאַרשוואונדן דער אונטערשייד צווישן זעלנער און פּאַרטיזאַנער. איינער האָט דעם צווייטן געזאָגט: די אַרמייער — כדי צו באַווייזן זייער דערפאַרנקייט ביים בויען אַפילו דאָן, ווען פּאַרטיזאַנער האָבן קיין סימן פון קיין בריק נישט געלאָזן; די פּאַרטיזאַנער — כדי צו באַווייזן קומען צו דער צייט אויף דעם פּאַרטיזאַנישן זאַמל־פּונקט.

ס'איז לכתחילה שווער געווען שלמה סטריכערן צו נעמען די אַר־בעטס־מכשירים אין די הענט, אין די זעלבע הענט, וואָס זיינען ביז איצט געווויינט געווען צו ברעכן, רייסן, צעשטערן. די האַק האָט נישט געדיינט אין דער הובעל האָט זיך צו אָפּט פאַרהאַקט. מיט שוויס איז ער אַפּגעגאַסן געוואָרן, ווען אים, דעם סטאָליער בן סטאָליער, האָט דער זשוואַווער קאַפּיטאַן געדאַרפט אונטערגעבן מוט און טרייסטן, אַז ניש־קשה, ס'וועט גיין, מען דאַרף זיך צוגעוווינען. אוודאי איז צעשטערן גרינגער...

נישט דער שוויס אין די אויגן — דער פאַרדרוס אויף אים, דעם אָפיציר, האָט אין פאַרביסנקייט פאַרשטשעמעט שלמהס ציין. וואָרים וואָס ווייסט ער, דער פראַנט־אָפיציר, וועגן דעם, ווי „גרינג" ס'איז גע־ווען מיט הוילע הענט און מיט ציין און נעגל רייסן די אײַנגעפונדער־ וועטע בריק? וואָס ווייסט ער וועגן זיין, שלמהס, פונאַנדערגעפלאַקער־טער שנאה, וואָס האָט פון אים, דעם בוי־אַרבעטער, געמאַכט אַ גיריקן אויף צעשטערן און חרוב מאַכן?

און וואָס שטאַרקער ס'איז געוואַקסן דער פאַרדרוס קעגן דעם אָפיצער, וואָס פרווט מעשה־עלטערער אים דערמוטיקן און חשק צו־

געבן — אלץ דערפארענער און פלינקער האבן זיינע הענט אויסגעפאר־
טיקט איין בריקטייל נאך דער צווייטער. און געדוכט האט זיך, אז די
טיפע ברוזדעס אויף שלמהס פנים האבן זיך אויסגעצויגן, שמעלער גע־
ווארן, ווי זיי וואלטן געהאלטן ביים פארשווינדן.

— — —

צום קאמפס־באריכט פון דעם פארטיזאנער־אפטייל איז צוגעקומען
דער ראפארט וועגן דער ערשטער אויפגעבויטער בריק.

# אינהאַלט: